ווייטר בין איך גיקומין צו דיא ווייטבריהמטי שטאט אונ' אוניוורסיטעט
פון שטודיע מיט נאהמין ט ר ע ו ו י ז ה. איין צירליכה ווינעציא-
נישע שטאט. מעהר גייסטליך אלז וועלטליך. אונ' פון דאנין ווייטר נאך
דיא ווייטבריהמטי גרוסי שטאט פ א ד ו ו ה. מוטר פון שטודיע די
מעדיקוס. אלוואר דיא דאקטארס אירן רוס אונ' נוצין הולין. דיזה שטאט
אירן רוס מוז איך וואש פיל אויזשפרייטין. וויללין איך אלהיר גאנצה
זעקס מאנאייט גיוועזין. אונד אליז וואוהל אין אבאכט גינוהמין אונ'
גיאבסערוויהרט האבי. זוא דש איך ביגינה פון אירה גריסה אנמער-
קונג צו געבין. אללי מענשין פון וויסענשאפט בילייגין. דז אירה גריסה
זיבן מייל ביטרעפט. איבר דיא פון ו ו י נ ע צ י ע. דז איך דיא גאסין
אירה לענגטה. מיט אפלויפינד פון פיר גאנצי שטונדין מוז גי-
גאנגין ווערדין. איך בעפינדה אבר דיזה שטאט דעמנאך זיא זוא
גרושי איז. גר ווייניק פאלק דרינין. דיא אורזאך זאלי זיין דש אומטרענט
ניינציג יאהר גליטין. איין שטארקר פעסט רעגירט. דיא שטאט מיט
מענשין בירויבט האט. בייא דיא הונדרט צוויא אונ' צוואנציג טויזנט.
זיא איז אויך אין קריגסצייטין ניט ביפרייאט גבליבין. איבר אליש זיין
גיוועזין צוויא אונ' דרייסיג ביזוויגטה. וועלכה זוכיטין דיזה שטאט
גנץ אונ' גר צו פרראהטין. וועלכי זיין גיפאנגין גיווארדין. אונ' גיעקס-
קוטיהרט בייא אבינד אום דיא פיר אונ' צוואנציג אוהר. איין גלאק
שלאק צוויא אונ' דרייסיג שלעק מיט איין טרויאריגין קלאנק. גלייך מן
האט דיזה פרראהטרס מיט שלעק טוט גישלאגין. איזט דיזוש איין איביג
גידאכטיניס בייא דיא פאדיוואנער. היר איז אויך צו בימערקין דז
וואונדרליכה שטאטראהטהויז. וועלכיס אין איין גרושין מארקפלאץ זיך
פרונקט מיט איין גרושין זאהל. וועלכר זאהל מיט ווארהייט איז זיינר
לענגטה צוויא הונדרט זעקס אונ' פופציג פוס. אונ' ברייט זעקס אונ'
אכציג פוס. דיא טירין וועלכי אומגעבין זיין מיט רוט אלבאסטיר שטיין
אונ' ווייסין מערמיר. זיין מיט פילי שיני אנטיקוויטעטין פון בילדר
אונ לעטרס אויזגיהויאין. דש דערא ווערדיקייט אונ' קונסטרייכה אר-
בייט. דער אויטעסר הירבייא גידאכט ווערדיט. מיט נאמן ל י וו י א ו ס.
מן פרזיכרט דש דיזש גבייא איינש פון דיא זיבן וואונדרווערקין דער
וועלט זיין זאל. וועגין דערא גריס. אלז אין איין זאהל איין גיוועלב
זונדר זיילין אודר פילארין זאל גיפונדירט זיין. מן זיכט אויך איבר איין
טיר דען נאמין גאטש. מיט דיא פיר גיוועהנליכה העברעשי לעטירש.



וועלכי דיא יודן ניט אויזשפרעכין: אויז שטיין גיהויאט. איך צווייפיל ניט
אודר זעלביג איז אורזאך פון זאלכיש גיוואלטיג גיבייא צו ערהאלטין.
דיזר אומליגינדיר פלאץ איז גטיילט אין פיר מארקפלאצין. מיט נאהמין.
פ י א צ ה ד י פ ר ו ט י. דז איז עפילמארק. פ י א צ ה ד ע ל ע ר ב ה.
איז גרינמארק. פ י א צ ה ס י נ י א ר י הערינמארק. דיזור איזט גלייך איין
בערס. נוהן איזט נאך איין פ י א צ ה ד ע ל ד א ג ה. דז איז שפילמארק.
בייא ווינטרנאכט זיין דיא פיאצים אלליגר פאל מיט ליכט ביז צעהן איילף
אוהר אונ' מן פרקויפט אלירהאנד עסינשפייז ביז מיטן אין דער נאכט.
דיזה שטאט איז גיבויאט. דיא גנצי שטאט גיוועלבט אויף דיא גאסין.
גלייך אין א מ ש ט ר ד ס אויף דיא בערס [1]. אונ' מן גיהט איבראל נעבין
דיא הייזיר אונטר גיוועלביר. גלייך מן גיהט אין א מ ש ט ר ד ס דורך
דש אלטי מאנינהויז דיזוש איזט גר שין. אל רעגינט עש נאך זוא פיל.
מן גיהט אללי צייט טרוקין. אונ' דיהנט אויך זעלביגה בייא הוכי זומר-
צייטין. גיהט מן אללי צייט אין שאטין זונדר זון. ווייטר איז דיזה שטאט
מיט קלויסטרס אונ' קולעגיס וואוהל פרזעהן. פר אליז וויל איך דערא
יודן אירה וואונינגין בשרייבין. וועלכה אבגיזונדרט. דאך מיטין אין דיא
שטאט מיט איין מויאר בריגנט. הייסט אויך גלייך אין פ י נ ע ד י ג
איין ג ע ט ו. האט פיר טאהרין. זיין דרינין אומטרענט פיר הונ-
דרט יודן הייזיר. מיט דרייא גרושי שוהלין. וועלכה גיהייסין ווערדן
דיא הוך דייטשי אונ' דיא שפאניסע אונ' אילטאליאנשי [sic]. דיא
ערשטי אבר איז דיא גרעסטי אונ' שענסטי. הירין איז צו בי-
מערקין. דער קאסטין פון דיא ביכר מָאזוס וועלכר פון בלויאין אונ'
ווייסין מערמירשטיין גר קונסטיג גיהויאין אונ' ביווערקט איז. הירבייא
זיין פיר גרושי דיקי מערמרה זיילין. וועלכה הבין גר פיל געלט גי-
קאסט. אונ' נאך דריבר איין גרושי דישפוט גיוועזין פון פאפין דז קלוס-
טיר ס א נ ט י ו ס ט י נ ה. וועלכה דיזה זיילין פרעדענטירטין אין אירה
קירכין. אבר בייא דער יוסטיליע אבגשלאגן אונד ביפונדין דש דיא יודן
הירצו דיא נאהנשטי זיין גיוועזין אונ' זוא גבליבין. איין מיינסטר. וועלכר
דיזוש ווערק פר זעכציג טויזנט טוקאטין אין דרייא יאהרן פרפערטיגט
האט. איז דש זעלביג יאהר גישטארבין אונ' האט אן דיא פאפין פון דען
אובן גימעלטין קלוסטר פרשפראכין נאך דיזין ווערק. אויך איין זולנש

1) Hier wordt natuurlijk bedoeld de vroegere beurs aan het Rokin en den Vijgendam.

ווערק. אונ׳ נאך בעסיר פר זיא צו פרפערטיגין. זונדר אללײן ער האט
ניט ערלעבט בעסיר נאך שלעכטר צו מאכין. זיא זײנין דען הוכטײטשי
יודן מיט עהרערביטונג צוגיטאן. זוא דס זיא אירה צערמוניאן נאך פיל
גיברויכין. גלײך אירס גיבאטי. פרקאפינגי אין דער סיניגאגין גשיכט מיט
טײטשי ווערטיר. אוז זיא גלײך וואוהל דיא טײטשי שפראך זונסטין אין
קײנרלײא מאניר גיברויכין. אויך בײא דס אנרופין אין דער שוהל גשיכט
אויך אין דיזר שפראך גלײך פאלגיט שוהלין. וואס אנלאנגט אירה האנד-
לונג. בישטיט אין אללירהנט גודרין. אויך גר פיל פון זיא וועלכי דיא
מעדיצין קונסט גיברויכין. דיזה קונסט איז אין פ א ד ו ו ה דיא מוטר
פון דיא גנצי וועלט. דס דיא אין זאלכה פילהײט פון פרעמדי מענשין
בשטיט. דז אללײן פון דיזה דיא שטאט איר צעבינשמיטל זונדר אנדרה
האנטירונג קענין ערנעהרין. איך הב מיך אויך פינדין לאזין איין מאהל אין
קומפאניא פון י א ז ע פ ף ק ו נ ט א ר י נ א ס י נ י א ר. ד ו ק ט א ר ד י פ א-
ד ו ו ה. אונ׳ האט מיך גפיהרט אויף בימעלטין אורט. וואור מן דיא טוטי
מענשין אויפשנײדיט אונד אללי דיא גלידר צערטײהליט אונד ווײזיט זיא
אן אללי אומשטעהרס. אונ׳ שפרעכין אויז דערבײא וויא זולכי גלידר נאהמין
פיהרין. מן זיכט דיא אוגין נײן מאהל גלידרין. הײטנים אבליהן. איין
יעדר הײטנה מיט איין אנדרין נאהמין. אויך זונסטין אנדרה זאכין
מעהר. וועלכס איך דס ווינגסטי ניקס פרשטעהיטי [1] ער פיהרט מיך
דערנאך אויך אין דס האספיטאל וואו דיא קראנקי פון דיא נײאה
דאקטרס בדיהנט ווערין. אין דער אפאטיק פון דען האספיטאהל זיכט
מן איין צנג גלאז. וואורנאין איין גנזיר מענש זונדר פלײש. ניקס אנדרסט
אלז בײן זיכט מן גלײך אויף שטין. וועלכר גיוועזין אין זײן צעבין איין
יוד. אונ׳ זײן גלויבין אפגיפאהלין. הערנאך אויף זײן טוטבעט דיא גי-
ברויכליכה צערמוניאן ניט וואללין אננעהמין אונד ווידר יוד וואללין
זײן. אבר קײנר פון בײדין [2] הבין איהם וואללין ערהערין. ער זוא
גיש[ט]ארבין אונ׳ פון בײדר זײטש קײניש ביגראבין ביווערדיגט גיוואר-
דין. זוא האט מן איהם אלהיר צו איין שפעקטאקיל גשטעלט פר יעדר
מן. זונסט וואס אנלאנגט דיא פילה ראריטעטין. זײנין אלהיר גר פיל צו
זעהן. אליז [3] איין מענטיג גרוש קלוסטר. וועלכס איך גר קונשטליך

1) Waarvan ik niet het minste verstond. — 2) Dat wil zeggen: noch Joden, noch Christenen. — 3) Lees: אלז.



בשרײבין מוז. ערשטינס וועגין זײנה גריסה אונ׳ צירליכה גיבויא. בי-
שטיט אין פיר גלײכי טײהלין. וואורבײא יעדרר טײל איין רונדר פלאץ
גיפונדין ווירט מיט איין טיפין ברונין. אין דער מיטן מיט שיני געלדי-
רײאין [1] אונ׳ שטײני זײללין בצירקלט. דיזה פיר טײלין זײן זוא גלײכ-
פארמיג. דז איין פרעמדר זיך ניט ווײש צו אונטרשײדין אונד איזט היר
בײא איין רארה קוריעס ביבליטעהט [2]. דיזוש איזט איין זאהל פון
אללײגר גיהוויאינטי מרמיר שטײן. אונ׳ מיט צוויא הונדי דיקי מרמיר
שטײנה זײללין אין מיטין דען זאהל. אונטרשטעהנט. דיזור זאהל איזט
אויף אללי פיר זײטין פאל מיט ביכר פון גרושי ווערדי. אויך זיכט מן
אוס ענד פון דיזוס זאהל אונטר איין פארהאנג איין גשריבינה פינף
ביכר מאזוס. גלײך בײא דענין יודן. דיזוש אליז הב איך זעלבשטין גי-
זעהן. אונ׳ היר בײא דיזוס קולוסטר [sic] איז איין גרושי קירך. פיהרט
דען נאהמין פון דיזין קלוסטר ס א נ ט י ו ס ט י נ א. זײנין וואוהל אומ-
טרענט דרײען דרײא הונדרט פאפין. אונ׳ זײנין גר רײך. היר איז אויך
נאך איין הויז אין פ א ד ו ו ה. וועלכס הײסט ק א ס ה ד י א ב ַ א ש-
ט ַ א ר ד ה. דז איז איין הויז פון הורינקינדר. ווײללין זעלביגה בײא דער
גיבוהרט פון דער היבאס גלײך נידר פר דס הויז גליגט ווירד. אונד
זוא פון דען ביוואהרר אויפגינוהמן אונד אין דס הויז גינוהמן. מיט איין
מינה אודר זויגאם פרזארגט אונ׳ גרוש גיבראכט. ווען זיא נוהן זוא גרוש
זײן זוא צערײכט איין יעדר וואס ער זעלבשטין וויל. אונ׳ בײא בשטענ-
דיגין יאהרן [3] מוז ער זײן קאשט אללײן גווינין אונ׳ זוכין. וואס אבר
מעדכים זײן. גשיכט אויף פאלגינדה מאניהר. אלז זיא נוס הײראטין
טויגליך. זוא קומט איינר. וועלכי איינה הבין וויל. זוא ברענגיט מן פינף
ארויז אין איין קאמיר אללײן. אונ׳ מן פראגיט דענזעלבן וועלכר קומט
אוס צו הײראטין. וועלכי ער הבין וויל פון דיא פינף. אלז ער נוהן
אויזערווילט האט. זוא ווירט אויף גוויסין טאג דיא בײלאפט [4] בשטימט.
אין איין קאמיר. וועלכי אין דען הויז דער גשפילירט [?] מיט רוטין
דאמאשט. היראין ווערין זיא צו בעט גיבראכט. אונ׳ פאלגין טאג ביקומין
זיא פר איין הויזראהט. בשטיט אין קיסטין שטיל צײן אונ׳ קלײדר אונ׳
הונדרט טוקאט. היר מיט האט דיא הורינקינדר״ס בײלאפט איין ענד.

1) Gaanderijen. — 2) Schrijffout voor ביבליאטעהק, bibliotheek. — 3) Gevorderde. — 4) Bruiloft.

אוני וואללין מיר ווייטר שרייבין פון גילעגינהייט דער אומליגינדי אורטין. וועלכי זיין מונטלעלס אוני ציטאדעלה. גר פלאזירגה אורטין. וועגין דער שינה בוימגארטינס אוני פראכטין אויך לוסטיקייט דערא פרשונין מן הערט ניקס אנדרסט אלז זינגין אוני שפיהלין אויף דיא צימבלה. מן זיכט גר פיל ווייבסבילדר אין פלאן דיא פעגיל אן דיא בוימר זיצין אוני זינגין. דען זיא ברעכין דיא בלעטיר אַפ פר אירה זייטוועריס גלייך איך אל שוהן בשריבין הב. אויך האט מן היר דיא קמאדיטעהט מיט שיפין פאהרין אויף דיא וואשירקאנאלה. זיא הייסין זיא דיא גילוגיני וואשרן. ווירדין גלייך אין האלאנד מיט איין פפערד גיצוגין.

איך ביגעבט מיך דעהמנאך איך זעקס מאנהייט צו פאדיווה גיוועזין ווער. אוני נון פרמיינט דיא איטאליאנשי שפראך מיינסטיר צו זיין. מיך וויליגס ווידר צורוק אין טייטשלאנד צו ביגעבין. פון פאדיווה נאך ווילענסה. איין קלייני אבר היפשה שטאט. מיט איין פלוס. דורך לויפינד. אונד איין מעכטיגה שטייני בריקין היר איבר גיפאסיהרט. ווייטר נאך דיא עדלי שטאט ווירונא. איין זעהר אנטיקי שטאט. איז פופציג מייל פון פאדיווה. הערט אויך דען ווינעציאנער. אין זיין הערשאפט. איז גיוואלטיג רייך פון זייד. וועלכי היר מיט מעניכטה ווירט צום מארק גיבראכט. אוני פון קויפלייט אויז טייטשלאנד אלהיר גיקויפט. אוני ארויז גיפיהרט. דיזה שטאט איזט גיוואלטיג פעסט. פון מויארין אוני וואהלין אונד טיפי גראבין וועלכי פון דען גיוואלטיגין בריהמטין שיפרייכין פלוס אַדיסה גפיהלט ווערדין. האט אללי צייט פופציג טויזנט בורגרס צום שטרייט פערטיג. זונדר דיא סאלדאטין. וועלכי צו איינה גרניזאן דרין זיין. זיא ליגט אין איינה פלאקטה. ניט ווייט פון איין בערג. אויף וועלכים זיא האט צו בשיצונג צווי ראקין. איך מיין קאסטעלין. אין דיזור שטאט איזט אויך צו זעהן איין אלט גבייא גר גרוס אוני רונט פון מרמירשטיין. וועלכס זיא הייסין אַרענא די ווערונא. וועלכס גיבויאט איזט פר פירצעהן הונדרט יאהר. דיא גריס פון דס גבייא איז אין דיא רונט הונדרט אוני פיר אוני פערציג בוגין. אודר רונדי גרושי פענסטיר. גלייך איין פארט פון איין שטאט. זוא גרוס איז איין יעדר פענסטר. אוני מן זיכט אין דיזוס גבייא ניקס אנדרסט. אלס בענק וועלכי זיין גימאכט אויך אין דיא רונדי פון דיא מויאר. דס אין דיזוס גבייא הבין קענין זיצין דרייא אוני צוואנציג טויזנט מענשין. בייא גילעגינהייט איהרר צו אזאמאן קונפט. זונסטין



איז אנצומערקין אין דיזי שטאט דיא גרושי קלוק. וועלכי גינוהמט איז גר ווייט. אויך גר שיני מארקין. וועלכי זיין דרייא. איינר פר דיא עדיל-לייטי צו שפאצירין. הייסט פיאצה סיניורה. איינר פר דיא קרעמיר אוני איינר פר אופס. וועלכה אלהיר גר פיל אוני דיא בעסטי פון גנץ איטאליע זיין. דיא פייגין וועלכי היר וואקסין. דרייא מאהל אין יאהר אן יעדר בוים. זיין אויך פיל גוטה פיש אלהיר וועלכי קומין אויז דעהס לַאגה דע גרדה. איין שטיל וואשיר גר גרוס וועלכס פון היר 8 מייל איז. זונסטין איז דיזה שטאט גרוס אוני פאלקרייך. זיין אויך אלהיר וואונהפטיג יודין. אומטרענט דרייא הונדרט. וועלכי אויך הבין איין גאס מיט דרייא טארין. זיין אללי גר גרושי קויפלייט. אוני האלטין מארקין אין אללי אומליגינדי פלאצין. זיא הבין צווייא איינה גרושי אוני איין קליינה שוהלין. אויך זונסטין קולעשיעס צו איהרה שטודיע. איך הבי מיך אלהיר ניט לנג אויפגיהאלטין. זונדרין מיט ערסטה גילעגנהייט פון היר אויף ווילה פראנקא. אוני ווייטר אויף דיא פעסטי שטאט מאנטובה גיגעבין. וועלכס פינף אוני צוואנציג מייל פון ווירונה איז. פון דיזה שטאט מאנטובה איז גר פיל וועגין אירה שטארקי צו בשרייבין. ווייללין זאלכי שטאט ליגט איין שטונד גרוס ווייט. רונד אין מוראס. ווען זיא וועלין אין וואשיר. אוני ווען זיא וועלין זונדר וואשיר. דיזוס פראַרזאכט איין גרושי שטארקי. אויך מיט פילי קאסטעלין אוני ציטידעלין בישאנציט. דס דערא גלייכין ניט ביפונדין ווערט. זיינין אוס דיזה שטאט ניט מעהר אלס דרייא פארטין. צו איין יעדר פארט האט מן גר לנגי שלעכטי בריק. מיט גר פיל סאלדאטין בימאנט. איך מוז מעלדין וואס איך גיזעהן הב. עהנדר איך אין דיזה שטאט קומיט. אלזוא פונד איך 12 וואשירמיהלין. וועלכי צו בידארפונג דער שטאט דס קורין מאהלין. איבר איין יעדר מיהל שטיט איבר דיא טיר איין גרוש בילד אויז שטיין גיהאקט. דיזה צוועליף בילדר וואַרין דיא צוועלף אפוסטילס. איך פראג וויא הייסט מן דיזה מיהלין. זוא זאגט מיר איין אלטיר מיהלינמיינסטר. דס דיזה אפוסטלין מיהלין אללי טאג אויפברענגין הונדרט אוני פיר פירציג דוקאטין. אונד פרצילט מיר איין היסטאריע. דיא מערקווערדיג איז אלהיר אן צו שרייבין. דס איין מאהל אויף זיכרה מאהנלייט פאסירט איז. דס דער קייזרליכה מיניסטר מיט דעם פון שפאניע אין גישפראך גיוועזין זיין. זוא איהס אנגי-צייכנט דיא גרושי רייכטום. וועלכה אירה פאטענטאטן פרמעגין. זוא

שפרעכט דער שפאניער. מיין קיניג האט זוא פיל גאלדינה אונ' זילבערנה
בילדר. גר גרוש אונ' שוואהר. דש זיא ניט צו שאצין זיין. דער קייזרליכה
גיבט הירויף אנטווארט. דש זיין קייזר העטי צוועלף שטייני בילדר.
וועלכי נור פון שלעכטש שטיין וואהרין. אונ' זעלט ניט דערפאהר נעהמין
אללי דש שפאניער זיין זילברני אונד גאלדינה בילדר. דער זעלבי
וואלטי זאלכש אנגעוויזין האבין. וויללין ניט מיגליך זאלכיש צו גלויבין:
ער פיהרט איהם צו דיזה צוועלף אפוסטלין. אונ' זאגיט היר זיין דיא
צוועלף שטיינה בילדר. דיא פרדיגין אללי טאג הונדרט אונ' פיר אונ'
פירציג טוקאט וועלכש זיכרליך מעהר רייכטום איז. דער אנדרין מוזט
זאלכש ביקעהני אוס וואהרהייט. דיזוש איזט דיא היסטאריע. — ווייטר
אין דיא שטאט גיקומין זיינדה. בין איך גלייך צו דיא יודן שטאט גי-
גאנגין. וועלכש בישטיהט אין מעהר אלש צוועלף גאסין. היר וואונין
וואוהל אומטרענט צוויא טויזנט הויזהלטונג פון יהודים. זיא הבין
דרייא גרושי שוהלין. וועלכי אין דרייא מאנירין זיין. אלש איינר שפאניעש.
אונ איינה איטאליענש. אונ' איין טייטש. אונטר אללין דיא שפאניעשא דיא
גרעסטי איז. נוהן הבי איך אין דיא גנצי וועלט דש גלייכין ניט גיזעהן. פון
אללר האנט האנטירונג. דש אלהיר דיא יודין הבין גאלדשמידן. קופר-
שמידן. שואמאכיר. שניידר. בעקיר. ברויאר. אונ' פון קראמין וואס מן
ערדענקין וויל. אויך מיהלרס. פאפירמאכיר. טאבאקשפינר. אין סומא
וואס מן ערדענקין קאן. דיא יודין הנטירין אליש ניט אלליין פר איהרה
נאציאהן. זונדרין אויך פר אנדרה נאציאהן. וועלכה זיך בדיהנין מיט
איהרה קויפמאנשאפט אונד האנדווערק. גלייך איברהאל. זיא הלטין אויך
ביר אונ' וויינהייזיר. פר פרעמדי נאציאהן הערבערגין אין סומא צוקר-
בעקירש אונ' דיסטילאטעהרס. זיא זיינין אויך מיט אירה אוברקייט
ביגעבין אונ' הבין אירה גיפאנקניס אין אירה גאסין שטראפין אונ'
רעכטין יודן מיט קריסטין. מיט איהרא אוברקייט. איז איהנין אלויז ער-
לויבט זונדרין צו גיהן זונדר איין געל זיידי ליגד אויף דען הוט גיבונדין.
אין דיזר שטאט ווען איין פרעמדיר קומט מוז ער זיך גלייך בייא דיא
העררין אויף דען ראהטהויז אנמעלדין. דען ווירט ער גיפראגט. וואס
זיין טוהן אין דער שטאט איז. אונ' וויא לנג ער ווילינש האט דרינין צו
בלייבין. אונ' וואו ער וויל לאשירין. נאך אללים גיפראגט גיבט מן איהם
איין בריפכה. הירמיט גיהט ער בייא דען ווירט. אונ' וויזט איהם זיין
בריפכה. זונשט קריגט ער קיין הערבעריג זונדר דיזוש בריפכה. אויך



ווען ער פ׳ עקסעפיל [sic] איין בריפכה האט גינוהמין פון פירצעהן
טאג. אונד זעלביגה פרפלאסין. מוז ער ווידר איין נייא בריפכה נעהמין.
אלש ער וויל איין צייט לענגיר בלייבין אין דיא שטאט. זונשט איז דיא
שטאט זוא אַלט אונ׳ אנטיק. דז זיא גיבויאט איז פר ניין אונ׳ צוואנציג
הונדרט אונ׳ צעהן יאהר.

איך בין פון דיא שטאט ווייטר גיקומין נאך ר ו ו י ג ה. איין קלייני שטאט.
אלוואהר אויך אומטרענט פירציג יודן וואונין. הבין איין שינה שוהל
אונ׳ בין איך דארט גיוועזין אין צייט פון דען פייארטאג פון דער היטין.
זוא הב איך גיזעהן אין דיזה שוהל איין פארטייא פון צעהן טויזנט
ליכטר. וועלכי וואהרין אויף איין גר שינה מאניהר אנגיצונדין. עז וואה-
רין אללי גר קלייני ליכטירכיר. אין קלייני גלעזיר מיט בוימאיל. וועלכי
גלעזיר וואהרין מיט דראהטווערק גיצוגין. אונ׳ גיפלאכטין איין טריאומ-
פאנד בוגין. דז זאלכיש גר צירליך לייכטיט.

פון דיזר שטאט פאסירט מן דיא שיפרייכי וואשיר די פָּא גינאהמט.

אונד קומט מאן איבר צוואנציג מייל נאך איין שטאט הייסט
פ ע ר א ר ה. איין שינה פאסטי שטאט. אלהיר וואונין אויך אומטרענט
צוויא הונדרט הויזהלטונג יודין. זיין אויך גרושה קויפלייט אונ׳ הבין
אויך איהרא פרייאהייט פון דען פאפסט. אונ׳ הייסט ר ו מ נ י א לנד.
זיא מעגין אלין הנדלין. אלהיר הבין דיא יודין איין רוט טאפיט איבר
דען הוט גיצוגין. פר איין קענצייכין. אונ׳ מוזין דיא יודין אויך אללי
שבת טאג אין דיא קריסטין קירכין גיהן. אונ׳ איין פרעדיק פון
איינים פראנציסקאנין [sic] מינך צוהערין. פון וועלכר צערמוניא
איך פרציילין ווערדי אין מייני בשרייבונג פון ר ו ס. אלווא אויך
דיזה מאניהר איז. נוהן בין איך פון פ ע ר א ר ה גרייזט אללי צייט
אין דש לנד ר ומ נ י א, צו לאנד בנעבין דיא זעקאנט אודר בור-
טין דעס מעהרש. מיט איין זולכין פלעזיהר. דען עש וואר בייא זומר-
צייטין. זוא מוזטי איך גר נאהנט אן דען זעהבורטין גיהן. גלייך דער
וועג צייגט. דש דיא גאלפין דז וואסיר מיר אללי צייט קומטין צו שלאגין
ביז אן דיא קניאן. אונ׳ דען ווידר צורוק. דען דיזוש שפילט אללי צייט
אזוא. אונ׳ לויפט איבר. אונ׳ מן זיכט אין דש מעהר גר ווייט ביז אן
ד א ל מ א צ י א ן. דיא שיני לוסטיגי שטאט אונ׳ דערפיר דיא מאן אלהיר
צנגן אנטריפט זיינן זעהר פלעזיהריג. מיט נאהמין דיא ערשטי שטאט
פון פ ע ר א ר ה הייסט א ר ג ע נ ט א. וועלכש אויף טייטש הייסט זילבר.

אונ' ווייטר איין קלייני שילט מיט נאהמין לוגא. היר וואוינן דרייסיג יודין. ווייטר קומט מן נאך אימילא איין קאסטעל אונ' ווידר איין שטאט. וועלכי עטוואש גרעסיר. מיט נאהמין פאיענצה. איין גארני- זאהן פון דיא רעמיר. דיא פלעזיריגי וועגין. דיא מן אלהיר פאסירט. מאכין דיא וועג גר קורץ. דען מן מיינט אללי צייט. אין גארטינש צו גיהן. אונ' זיינין דיא וועג זוא גלייך. אונ' ביידר זייטן מיט בוימר בי- פלאנצט. דש מן היראין גרוס פרמאג האט. אויך בדיהנט מן זיך אויף דיזין וועג מיט איזילש. וועלכי איבראל צו ביקומין זיין אונ' פר גרינג געלט. מן ביצאלט פר ציהן איטאליאנישי מייל פינף בּאיוק. וועלכש איז צווייא קיזר גראשין. מן קומט אין איין הערבעריג. אונ' פראגט אוש איין קאוואלקאדורה. זוא הייסט מן איין רייטאיזל, זוא געבין זיא גלייך איין איזל. אונ' מן ביצאלט גלייך דיא פראכט. אונ' רייט מיט דען איזל ביז אויף בנעהמטין פלאץ. וואו מן בידונגין האט. וועלכש אללי צייט אומגיפעהר ציהן מייל איז. אונ' זוא בלד אלז מן אויף דען פלאץ אנ- קומט. זוא גיט דער איזל גלייך פאן זיך זעלבשטין אין דיא הערבעריג. אונ' וואן מן זאלט דען איזל גלייך דיא ביין שטיקין שלאגין. זוא זעלט ער דיא הערבעריג ניט פרבייא גין אודר ווייטר גין. אלש צו דיזור הערבעריג. נון לאזט מן דען איזל גין. זוא גיט ער פון זיך זעלבשטין ווידראוס אהיים. אונד ווען איינר לארט איז. ווער ווידר צורוק וויל רייטין. זוא קריגט דער ווירט דען איזל פר דען זעלביגין אונ' ער רייט מיט איהם אהיים. דיזר מאניהר איזט אויף דען גנצין רומישין וועג אלזו אונ' מן קאן רייטין ביז נאך רומא אללי ציהן מייל איין אנדרר איזל. דער וועג פון פעראארה ביז נאך רומא איז אללי צייט פאל מיט לייט. וועלכר וועג הייסט לא סטראדה פאפאלה. ווייללין דיזור וועג מיינסטי צייט פון פעליגרינין 1) ביטרעטין ווערט. וועלכי פון ווייטין לאנדין נאך רומא ציהן. מוזין וועגין איהרה זינד. פון פאיענצה ווייטר אויף פורלינה אונ' ווייטר פאסירט מן אלז נאך זוא. דיא וואסיר קאנט פון דען זעע לנגשט. אונ' הירבייא ליגט איין קליינר בערג אויף וועלכיס ליגט דיא אלטי שאנץ אונ' פאסטי שטאט בריטאנורה פון אלטין צייטין גיוועזין איין שטול דער גילערטין. אונ' איז אויך אלהיר גיוועזין איין גימיינשאפט דער יודין. היר האט

1) Pelgrims.



גיוואונט דער הויכגלערטי בריהמטי מייסטר רבי עובדי פון ברטי נורה. וועלכר האט גיקונטראקטיהרט אויף דיא גיזעצי דער יודן. אונד יעצא איז דער פלאץ גנץ גימיין אונ' פאריריט 1) איין אלטי גירעכווירטי שטאט אויך נור גנץ קליין. פון היר ווייטר אויף איין שינה זעעהאווין אונ' לוסטיגי שטאט מיט נאהמין. פעזארא. דיזה שטאט ליגט גר קאָמאד. אוס אללי גודרין אונ' קויפמאנשאפטין. אויז פלארענציא נאך ווי- נעציא צו שיפין. מן זינט דיא אלטהייט דיזר שטאט. וועלכש איז אכט- צעהן הונדרט זעקס אונ' פירציג יאהר. אין דיזר שטאט הבין דיא יודן איין גאסין. אונ' בשטיהט אין אומטרענט דרייא הונדרט הויזהלטונג. איך מוז ניט פרגעסין אונ' בשרייבין די גשיכטניס וואש פאסירט אין דיא צייט. דש איך בין דארטין גיוועזין. וועלכש וואר איין ערדליטרניס. אונ' גשאך אויף פאליגינדה מאניהר אומטרענט נאך דען מיטאג דא ליגט איך אויף איין קליין רישטבעטנה. אוס צו רואין פון מיינה רייז. וועלכי איך מיהד וואהר אבר אויף איין מאהל הערט איך גלייך אוב איין ווינד אויף קומט. אונד מיט איינס זינט איך וויא דיא מויארין זיך ביוועגיטין. אונ' דש גנצי הויז ציטרטה אונטר מיר. איך פון אנגשט פיהל פון דען בעט אונ' גיהט זואגלייך אויף דיא גאסין. זוא פינדיט איך אל דיא מענשין אויף דיא גאסין אין גרושי שרעקין. אונ' לויפטין אין דער שוהל. אלוואהר איך מיט לויפט. עס וואהר אבר אל גיטאהן. אונ' מן זאגיט דש עס איין ערדליטרניס איז גי- וועזין. מן האט אויך גיפונדין דש פיל שארינשטיין זיין איינגיפאלין. זונשטין אנדי שאדין האט ער ניט צוגיבראכט אלהיר אין דיזר געגינט זיין דיא פיש גר גוט קויף. אויך טרינקט מאן היר וויין. דער גיקאכט ווירד. אונ' איז אויך אין גנץ רומניר לאנד דיזור וויין אורדינארי דער בעשטי. דיזוש איזט אליכט וויין. זיין גשמאק איז גלייך מעהט. זוא זיס. פון פעזארא בין איך גיקומין אין איין הלבין טאג צו איינר קלייני

דאך פאשטי שטאט פאנה גינאהמט. ליגט אויך נאהנט צו דעס מעהר. ווייטר אויף דיא בריהמטי שטאט סינאגאליא 2). ווידר איין זעעהאווין. אלהיר ווירט איין יאהרמארק גיהאלטין. דש מאג פר- גלייכט ווערדין צו דער לייפציגר מעס. דען אלהיר קומין פון רוס אונ' ליוואנה אונ' ווינעציא אלירהנד קויפלייטין. דיזה שטאט

1) Stelt voor. — 2) Sinigaglia.

גר וויניק גריסטה. אוני איז דאך זעהר פאלקרייך. וועגין דיא פילה
פרעמדי. מן גפינדיט היר אויך וואוהל אומטרענט הונדרט יודן.
פון היר גיהט מן נאך צוואנציג מייל ווייטר לאנגשט דר זֶעה אוני מן
קומט אן דיא בריהמטי גרושי זֶעהאווין אוני שטאט גינאהמט אַנ־
קָנה. אלהיר איז דיא גלייכה פארט [1] נאך טירקייאין אודר קָאריפו [2]
איבר דש אדריאַטישה מעהר. מן גיפינדיט היר אומטרענט צווייא
הונדרט יודן מיט אייננה צירליכה שוהלין. זיין אויך גלייך אללי דיא פאהר־
בינומטי אללי גר אולטר דען פופשטין פון רוס. דיזה שטאט ליגט אויף
איינה זייט איין גר הונין בערג. אונ אונטין שפיהלט דש וואסיר דש
מעהרש אן דיא וואהלין אוני שאנצין דער שטאט. פון היר בין איך מיט
איינים איזיל איבר איין הונין בערג גריהטין. אוני גיקומין צו דיא בי־
שיפטליכה שטאט אורבינה. אלהיר זיין דיא פאפסטין פון רוס איהר
פאמיליע דז זיא אויך אלהיר רייכי קלוסטרס. אויך אלהיר איין קלייני
יודן גאסין וואור איבר פופציג ניט וואהנין [3]. דיזה שטאט ליגט אויף
איין הונין בערג אוני איזט מיט מויארין וואוהל בוואהרט. פון אור־
בינה שיידיט זיך דש לאנד פון רומַאניא. אוני פרלאזט דיא שינה
דאהלין דעס מעהרש. אוני בגעבין זיך צווישין טיפה בערגין. דיא
פלאהרענטינר גהייסין. צוואנציג מייל מיט גרושי מוהטי [4] גיקלעטערט.
אונד אללי דיא בערגין מיט אליווען אוני קאסטאניען בעס בפלאנצט.
קומט מן צו איינר קלייני שטאט וועלכי ליפיאנה הייסט. אלהור
ווערדן גר פיל אָליווען גיפרעסט אוני צו איל גימאכט. ווייטר ווידר
איין קליינה שטאט מונטה סַאנסואינה. איז אויך ניט גרוש.
אוני ליגט נאך אליז אין ווילד גיבערגטה. נאך אומטרענט איין טאג
פרלייכטין זיך דיא גיבערגטי. מיט איינה שינה פלאקטה. אונד הירבייא
דיא שינה שטאט סיֶענה. דען גרושפירשטין פלארענץ צוביהע־
הערינדה. דיזה שטאט איז גרוש. איין מייל פיר [5] אין דיא רונדה. אוני
ווייטר איז אין דיא שטאט איין גרושי שטודיע. גלייך דיא בריהמט איז
אין גנץ איטאליע. היר וואונין אומטרענט פיר הונדרט יודן. דיא
אללי גר גרושי קויפלייט. אוני איך בין ווייטר גרייזט. אוני גיקומין אויף
איין קלייני שטאט גינאהמט אקוואפענדענטא. איין גר לושטיגר

1) Vaart. — 2) Corfu. — 3) Alwaar niet boven de vijftig wonen. — 4) Moeite. — 5) Een mijl of vier.



פלאן. פון היר בין איך ביז נאך רוס. וועלכש נאך אנציג מייל איז
איבר פיל בערג אונ טַאל. אונ גווילט גיפאסירט. דיא ערשטי שטאט
אויף איין הונין בערג הייסט מונטי אַלטינה. אונד ווייטר דורך
איין קעשטין [1] וַואלד אויף פיאננה קאסטעניאה. היר וואונין
דרייא יודן. וועלני מיך צַאביטין מיט קעשטין ברוט. וועלכש אלהיר אין
פלאן קארין גיברויכט ווירט. אונד ווייטר איבר הוני בערגן נאך
שאנטה פיוָריר [2]. איין פלעק. אוני ווידר איין פלעק הייסט סורנה.
ענדליך איין קליין שטעטני אן איין שטיין קליפין. הייסט פיטאלַיאנה.
דיזה שטאט זענט מן זאגין ווער אויז איין שטיינפעלזין גיוואקסין.
ווייללין דיא שטיין זוא גיוואלטיג גרוש זיין. היר איז איין קלייני יודן
גאס. וואונין וואוהל פירציג יודין. הבין איין קלייני שוהל. אונ׳ בין איך
פרוואונדרט איבר גאט זיין אלמעכטיקייט. דש אויף זאלכין הונין
בעריג. אונ׳ דערצו איין שטיינפעלזין. זולכש איברפלוט פון וואסיר קוועלט.
דש דיא מעניכטה דיזוש וואסיר איין גרושין פלוס צווועגין ברענגט.
איך בין פון היר גיגאנגין אוס דיא לאנדשטראס ווידר בייא צו קומין.
ווייללין איך אוס דיזה וואונדרליכה פיטאליאנה צו זעהן בי־
געריג וואסר. פון דיא לנדשטראס אפגיקומין וואר. זוא הב איך דז
אומגליק גיהאט. אונ׳ דורך איין דיזערט אדר ווישטינייא צו ריטין. אויף
העברעאיש מדבר גינוהמט. איך וואר גנץ אלליין. אונ׳ מיינט גלייך
מן מיר בריכטיט האטי אין פיר שטונד דערדורך. אבר איך מיך הירהין
ביגעבין האטי. אונ׳ מיינט דען קוָרציטין וועג פר צו הבין. זוא טרעפט
מיר זאלכש פעהל. דען איך קומיט פון דען גיבאנטין וועג. אונד אויך
דען קיין מענש זעהיט אדר העריט. צו מעהררי אומגליק ביקומט איך
וועגין דיא גרושי מעכטיגה היץ דעס טאג איין זאלכין יעמרליכין דארשט.
דז איך בלד קיין פוס קענטי פרזעצין. ניט אלליין דש מן היר קיין הויז
נאך מענשינוואונונג זאך. זוא וואר אויך היר קיין איינציגר נאסיר
טראפין וואסיר צו גיפונדין. זוא דש איך גרויזאס יאמרדה אוס דארשט.
אונ׳ אויך פרערד [3] אויף דען וועג וואר. דיזה געגינד וואר אלל גר
הייד מיט גר הוך פרדערט גראז. דז איך מוזט דיא פיס ציען מיט גי־
וואלט אוס דורך דז גראז צו קומין. אוני הירבייא צופינדה מיר זאלכי
גרושי דיקי שלאנגין פר דיא פיס פארבייא דז איך דיא מוזטי אללי צייט

1) Kastanje. — 2) Santa Fiora. — 3) Verdwaald.

מיט מיין שטאק אבוועהרין. זיא וואָרין פרשאדינה גריס 1). איין טייל פון איין מענשלענגטע. אויך וואהרין הירבייא פיל עגדיסין 2). דיא האבין פיר קורצי פיס. אונ' איין קאפף גלייך איין פראש. אבר דער שטערט. וועלכר נימליך לנג איז. גלייכט איין שלאנג. איך מיך דיזה ווילדה ניהרן זוא אומציגעבין פינדיט. אונ' הירבייא דען דארשט זוא גרויזאם אונטרוואָרפין. דז איך גנץ פרלאגט וואר. אויך קיין מענש איינש גזיכט ביקומט. וועלכי איך העטי קענין פר הילף האבין. אבר מיין הופינונג צו גאט שטעלט. אונ' בעטיט אללי צייט מיט הונר שטיס. מיך אויף איין שטיין זעציט. אונ' זאגיט אין מיך זעלבשטין. דש איך מעכט ליבר מיין טאג ניט אויף רייז גיגאנגין זיין. ווייללין איך היר קיין אויזוועג וויסט. אין סומא איך וואר אין טויזנט אנגשטין. אין מיין גיהן אלזוא אומטרענט איין שטונד פינף זעקס ביז אין דיא הייסי מיטאג שטונד. זוא איך גר ניט מעהר וועגין דארשט קענט. זוא זאך איך אומגיפעהר פון ווייטין אנקומין איין מענש מיט איין מוילאיזיל גלאדין מיט צווייא פַס וואסיר. איך גלויבטי דז דיזוש איין ענ-גיל פר מיר גשיקט וואהר. דיזור מיר אונד איך אין נאהנדרטי אלזוא איך איהם גריסיטי. אונ' מיין עלענד בקלאגיטי מייני צונג ניט מעהר וועגין דארשט רירין קענטי. דיזר מן מיר אבר מיט זיין וואסיר גלייך ערקוויקיטי אונד מיר אויך אונטרווייזיט. וויא דש איך מוזיט. אויף דער לינקה האנט איין גיזאהנטין וועג פינדין. וועלכר מיך זאלטי ברענ-גין אין צווייא שטונד נאך דז פלעק גיהייסין ו ו א ל נ ט א נ ה. נאך דען איך דיזין מאן וועלכש אפעהרין 3) לייכטיטין איין אקרסמאן צו זיין. זעהר אונטרטעניגשט בידאנקט האט. זוא פון אנדר גשיידין. אונד מיך צום לינקין ביגעבין. גיפונד איך איין קליינין פוספאט. איך דיזוש פאל-גיט. אונ' קומיט אין צווייא שטונד נאך ו ו א ל ע נ ט א נ ה. ווייללין אבר איך נאך דען טאג מיין רייז וואש לאנגיר מאכין וואלט. זוא קויפט איך אלהיר אין איין ווירטסהויז איין בוטעל וויין. אונ' נעהמיט מיר אויך מיט איין בוטעל וואסיר. דען איך פערכטיט מיך ווידר וואסרסנאָהט צו ליידין. אונ' אלזוא נאך איין שטונד גיגאנגין. זוא קומט מיר איין שלאף. דז איך פון דער שטאט ניט קאנט אוועק קומין. זוא מוזט איך נידרליגין אויף דען וועג אונ' שלאפט. איך אויפוואכטי אונד זאך פר מיר

1) Van verschillende grootte. — 2) Hagedissen. — 3) Affaires, beroep.



שטין איין מינך מיט איין לאנגין בארט. וועלכר אין קאפיצינרקליידר זיך פרעזענטיהרט. דיזר מיך אנקוקידה 1). אונד מיך אויפגיוועקט האט. אונ' מיר זאגיט מיין קינד שטיה אויף אונ' ליג ניט אלזוא אויף דיזין וועג שלאפין. דען מן גיפינדיט גר פיל שטראסינרויבר אויף דיזין וועג זוא בלד איך מיך אויפריכטיט. וואהרין מיינה צווייא פלעשין וויין אונ' וואסיר אוועק. אונ' זאגיט מיר דער מינך. דש ווען ער ניט גיקומין וועהר. זוא ווער מיר אליז בירויבט גיווארדין וואש נור בייא מיר העטי. איך דיזוש בידאנקטי אונ' נאך איין שטונד האטי צו דיא שטאט מַ א ר ט ה. ביז אלהיר האבי איך נאך דיזין אונגליקליכין טאג פון פ י ט י ל י א נ ה גבראכט. וועלכין טאג איך מיין לעבטאג ניט פרגעסי וועגין דיא פילה ביגעגנישין. וועלכי מיר זיין צו האנדין גיקומין.

פון דיזר שטאט מ א ר ט ה וועלכי אין איין גרוסין לַאק 2) ליגט. וועלכר לַאג וואול זעקס אונ' דרייסיג מייל אין זיין אומקרייז האט. בין איך גיקומין נאך דיא שינה אונ' לוסטיגה שטאט ו ו י ט ע ר ב ה. איין גרוסי אונ' פלאזיריגי שטאט. דיזה שטאט ו ו י ט ע ר ב ה ליגט אויף איין הוכין בערג. אונ' איז מיט גר פיל קויפלייט ביפאלגט. דען עש וואר אלהיר איין יאהרמארק. גפינדטה אויך היר פיל יודן פון ר ו ם. מיט וועלכי איך נאך ר ו ם אין קומפאניא רייזיטי. פון היר איז נאר צוואנציג איטאליאנישי מייל נאך ר ו ם. אונ' זיין אויך היר אין ו ו י ט ע ר ב ה גר גיזונדי וואסרין. וואראונטר איינש קוהרוואסיר. וועלכש אללי צייט קאכט. איך הב זעלבשט גיאפרובירט. אונ' איין איי אריין גיהאלטין. איז אלזוא גיקאכט גיוועזין. איך בין אלזוא אלהיר אין איין קונווענט אדר מינכין קלוסטר גיוועזין. הירא אין איין וואונדרליכן ברונין גיזעהן. וועלכר זוא טיף אונ' ווייט וואהר. דש מן זעלט קענין פיל וואונדר דערפון שרייבין אונ' זוא קאלט דש וואסיר אין דען הייסין זומר דש מן ניט פר קעלט טרינקין קאן. אין סומא ווירט דז וואסיר פון דיזין ברונין מעהר גליבט אלש דער וויין. וועלכר אלהיר גר וואלפייל איז. הירא אומטרענט בין איך גיפאסירט איין פלאץ הייסט מ ו נ ט י פ י א ס-ק א נ ה. וואו דער בעסטי פילארהאנטינר וויין וואקסט אונ' איז רוט. אונ' ווירט אין פלעשין מיט שטרוא גוויקלט. אונ' אין דער גאנצי וועלט איברשיקט. דיזר וויין הב איך אויך אין א מ ש ט ר ד ם גיזעהן. אונ' איז

1) Aankeek. — 2) Meer, *lac*.

גר וואוסל ביקענט. וועגין דיא פלעשין מיט איין גנץ דינין האלז. פון וויטערבה ביז רוס בין איך אין איין טאג גיגאנגין. אוני' מן פאסירט איין קלייני שטאט הייסט רונציליאנה. אוני' נאך איין קליין פלעקכין הייסט באכאן. דיזוס איזט דער לעצטי פלאץ. וואו איך בין דערנאך גלייך אין דער שטאט רומא גיקומין.

נון האבי איך בשריבין פון ווינעציא ביז נאך רוס אוני' זיינין דיא מייללין דיא איך בין גרייזט פון מיין ערשי אברייז פון לעמגא ביז רומא גלייך פאלגיט

| | | |
|---|---|---|
| 120 — | פון לעמגא ביז פראנקפורט | — 24 |
| 120 — | פון פראנקפורט נאך נירנבורג | — 24 |
| 230 — | פון נירנבורג נאך פראג | — 46 |
| 180 — | פון פראג נאך ווין | — 36 |
| 550 — | פון ווין נאך פינעדיק | — 110 |
| 500 — | פון פינעדיק נאך רומא | — 100 |
| סומא 1700 איטאליאנשי מייל | | סומא 340 |
| איין טייטשי מייל איז פינף איטאליאנשי מייל | | טייטשי מייל |

ענדא דש ערשטי בוך

(*Wordt vervolgd.*)

---

# Juda Leon Modena's Commentar zum Pentateuch,

mitgetheilt von A. NEUBAUER.

---

In der Hschr. der Bodleiana Can. Misc. 204, worauf mich Dr. Steinschneider neulich aufmerksam machte, enthält einen Theil dieses Commentars unter dem Namen von פרשות הכסף, welcher Titel in der Vorrede, die weiter folgt, erklärt wird. Es folgt dann sein Commentar (wie ich glaube?) auf Samuel (unvollendet) in Vortragsform, wovon später auch die kleine Einleitung folgt; aus den dort angegebenen Daten muss Juda's Geburtsmonat nicht Nisan (wie bei Dr. Steinschneider, Catal. libr. Hebr. Bodl., col. 1345), sondern Adar angegeben werden.



In Coxe's Catal. codd. mss. Bibl. Bodl. III (codd. canoniciani) heisst es: „2. Comm. in Samuelis libros, auctore forsan Jacobo ben Calonymo, *hebraice*. 3. Ejusdem, ube videtur, Jacobi in capita Pentateuchi varia commentarii breves, hebraice." Jacob ben Kalonymos ist der Vater des Copisten Isaac, ein Enkel des Leon Modena (vergl. unseren Catal. n°. 2549).

בהנו"א. ברצות ה' דרכי איש ירא את ה' חסיד ובעל מעשה החכם השלם כמהרר יוסף פארדו ז"ל מארץ ליואנטי מרבה בסחורה פה ויניציאה ומצליח בדרכיו איזה שנים. שנת השס"א עלה בדעתו למלאות א' מתופשי התורה יחבר לו חבור ופירוש על התורה לקוח ומלוקט מכל המפרשים אמנם מובא ליחיד ומיוחד דרך א' לבד יבואר בו הפסוק בפשוטו לא בדרך סוד ולא ברמז ולא בדרש כי אם פשט פשוט יתורצו בו כל הקושיות אפשריות שיעלו בלב בעל הבית ואיש בינוני בקריאתו בתורה ובלשון צח וקצר דומה לפירוש רש"י ז"ל. ונתיעץ בזה עם החכם השלם כמהרר' משה אלפלס ז"ל בעל ספר הואיל משה ויקהל משה שהיה אז דרשן בק"ק לוואנטיני יצ"ו והסכים לו ושבח בהוד והדר פעלו. ועלי הניח לדיק את ראשו ושכלו לעשות זאת כי היו לו לחן דרשותי. ובאנו בפשרה לעמול במלאכת הקדש הזאת ותקעתי כפי בשבועה לעיין על כל פסוק ופסוק כל המפרשים על התורה הנמצאים עד היום ההוא בדפוס שעלו למספר שבעה ועשרים. והוא המציא לי כל הספרים וכן התחלתי מסוף פ' בלק שהיתה פרשת השבוע ההוא כי האמנתי יספיק לי זמן השבוע לפרש הפרשה שלו. אמנם בראותי כי בפנחס מטות ומסעי לא הספיקו לי שני חדשים להשלימם הסכמתי להתחיל מבראשית וכה יגעתי חמשה חדשים כי עלתה לי המלאכה יותר כבדה מאשר חשבתי בתחלה. ויהי אחרי אשר עשיתי ארבעת הפרשיות הנ"ל נתעצלתי איזה ימים מלהתעסק בכך. והיה האיש ההוא תם וישר רצוני החכם פארדו ז"ל הנזכר אבן מוחיי ומתחדש בדעותיו לא רצה להתמיד עוד בחבור ולקח ממני הספרים ושם קץ וחתך לכל המוסכם. אח"כ חזר עליו גלגל הזמן והפסיד בסחורותיו והוצרך ללכת מפה והלך ונתישב באמסטרדם ושם נפטר לעולמו תהא כבוד מנוחתו. ונשארו לי הארבעת פרשיות הנ"ל כתובים כאשר יצאו מהקולמוס ראשונה מחוקים ומטושטשים כדרך המחברים ויותר מדבר לקוח מכמה ספרים כאמור באמת לא היה אפשר להבין מהם דבר.

ועכ״ז מלאתי בהם קורת רוח כמה פעמים בתירוץ איזה קושיא שהיתה נופלת בדעתי בפרשיות ההם ובפרט בפ׳ בראשית אשר בדבר הפשט כלה מקשה כידוע לכל. עד אשר בימות הקיץ השל״ב עבר קראתי לנכדי בן בתי יצחק יצ״ו ונתתים לפניו וצויתי לו להעתיקם באופן שתקל בהן הקריאה. הנער נער עשה כאשר יעשו הנערים והעתיק אותם באופן אשר עיני הקורא תחזינה מעשה נערות אך אפשר להבין בו. והיו הדברים האלה ככל יתר היגיעות יגעתי בתורת ה׳. הבאים אחרי בהמה ידאו פרי תנובתי. עם כל הברד ואש מתלקחת הטרדות והמבוכות אשר בהם הולאתי ששים ושתים שנה לא שלותי ולא שקטתי ולא נחתי ויבא רוגז אף וחרון צרה ויגון וחיל וכאב וצער ועצבון וכל כפל ענין זה במלות שונות. עד היום יום א׳ י״ב שבט השל״ג אשר בו אני כותב בל״א (?) ירחם ה׳ על נשמתי כי מדברי הגוף אבדה תקותי. ישלם ה׳ פעלו בנחמה רבה אם לא בעה״ז בעולם הבא: נעצב וצעור (?) יהודה אריה ממודינא: קראתי שם עמלי זה פרשות כסף כי לא מהתעוררותי התחלתי בו כי אם ממצות החכם הנז׳ על מנת לקבל פרס. ועוד כי היה דבר נכסף ונחמד אילו זכיתי להשלימו וכל הוגה בה היה מברכני מברכות פיו. ויקבל ה׳ ברצון הכסף והחשק שהיה לי בו.

Vorwort zu Samuel:

פירוש שדרשתי במדרש ת״ת אשכנזים יצ״ו על ספר שמואל: התחלתי ליל ביאת יום ג׳ כ״ד תשרי השע״ח לפ״ק ברוב עם והיה ראשיתי מצע״ר מחולי בני יצ״ו וטרדות הזמן יהי רצון שאחריתי לא ישגה מאד כי אם פעם א׳ יאמר ה׳ די למבוכותי ויאיר אפלתי וירחמני אמן:

Am Rande: ועוד חזרתי לדרוש אותו שנית במדרש הנ״ל כ״ד תשרי השל״א ועוד זכני ה׳ והחייני שחזרתי לדרוש אותו שלישית במדרש הנ״ל אחר יהושע ושופטים כ״ד תשרי הא״ת: לולא בעתות זמני יבהלוני חוץ מן הדעת גם עד זקנה ושבה כל יום מקולל מחברו וכל תפלותי לתת להם קץ באשר הוא סוף כל האדם היה לי לברך שהחייני היום י״ד סיון הת״ז לחקור ולדרוש הנביא זה פעם רביעית אחר קריאת מלכים יהושע ושופטים מקץ שבע שנים ואני בן ע״ז שנה וב׳ חדשים היינו שבעים ושש וב׳ חדשים. אף על פנים אתן לה׳ שכל ימי היו בעסק תורתו ובה יהי חלקי כל הימים:

---



# ESSAY

## on the signification of the adverb אז

BY J. D. WIJNKOOP.

A year ago, when writing an essay on the signification of עתה, I knew other Hebrew particles to be as well worthy of a deeper view and a more profound examination. Now I chose the little word אז, as determination of time the opposite of עתה, and I intend writing about it all I consider of some interest for Hebrew scholars.

I thought it expedient to prefer another disposition because of the difference of its use in comparison with עתה, and I will premise a few words about its origin and varying significations.

Those grammarians of the Hebrew, who also consider the kindred languages, generally admit that the origin of אז views at its demonstrative signification, quite as the pronoun זה, which at least has the same root. That demonstrative signification principally appears from the Arabic language, and not less from the Aramean אֱדַיִן (See f. i. Ibn-Ezra at Dan. ii.15, Rashi ib. v.25), for, it is known, that the Hebrew ז often corresponds with the Aramaic ד. But the same Grammarians consider its primary meaning to be a determination of time, and that is perhaps to be doubted yet. For, if I counted well, the word אז occurs in the Holy Writ in all its different forms about 140 times. If we substract the form מאז, appearing about 20 times, as indeed mostly referring to *time*, in the left 120 times the signification of time has disappeared in the greater part of passages or at least retreated. Therefore we deem it primitively nothing more than a demonstrative *word*, being applicable both to *circumstances* and *time* (once it even seems to regard *place*), equal f. i. to the particle אשר, which is a relative word simply, used in different ways, according to the sentence, where it belongs to. Nay, perhaps the same is the case with the kindred זה, which as well not always answers the meaning of a demon-

strative pronoun, but not very rarely implies a determination of time, place and similar meanings (see f. i. Gen. xliii.10, Numb. xiii.17).

That opinion of אז being originally a *demonstrative word* only and not an adverb of time, finds an assistant somehow in the chaldaic translator or translators of the Hagiographs, who, differing with Onkelos and Jonathan ben Uziel, seldom use another word for it than the translation of זה, הזה, בזה a. o. Generally it is rendered there by הָדֵין, (a word together with אֲדַיִן used by the same for אֵיזֶה, f. i. Job xxxviii.19, while the latter is rendered for אֵיזֶה in the translation of the prophets, too), sometimes by הֵיכְדֵין, viz. Ps. cxxvi.2*a*, Job ix.31, xxii.26 and xxxiii.16, once הָדֵין Ps. cxix.6, once כְּהָדֵין ib. lxxxix.20, seldom כְּכֵן (as it is always translated by Onkelos) ib. li. 21*a*, Eccles. ii.15, Job iii.12 and xxxviii.21, and a few times הַכְּכֵן Ps. li.21*b*, lvi.10, lxix. 5 and xcvi.12, which very likely differs not much from הָא כְּכֵן, used ib. cxxiv, 3—5 and in the so-called translation of Jon. b. Uz. on the Pentat. a few times instead of כְּכֵן there, where, as it seems to me, the reader's attention is required a little more, viz. Ex. xv.1.15, Levit. xxvi.34*a*, 41*a*, Numb. xxi.17 and Deuter. iv.41. At all events in the Hagiographs it is mostly translated by a word derived directly from דֵין, i. e. the Hebrew זה, and that fact goes far to prove the idea of אז in its primary meaning not referring to *time*, but having a demonstrative power, used in all kinds of circumstances.

As it happens more times to be the case with other words and in other languages, so our little word is sometimes used as a relational one, that is to say, instead of introducing the *apodosis* of two sentences, subordinated to each other, it may be placed at the *protasis*, i. e. instead of *adverb* it may be used as *conjunction* now and then. Quite the same it is with the Dutch *toen*, and so we recommend to compare the Greek relative words, being demonstrative in the older language.

Further the signification of אז is weakened and reduced to the degree of an only ו״ו, be it as a ו״ו conjunctivum or consecutivum. That may be attested f. i. by אז העלה 2 chr.



viii.12, sounding in the parallel 1 Kings ix.25 והעלה. Something like that we find 2 Chr. viii.17 in the words אז הלך שלמה, while in the parallel 1 Kings ix.26 stands ואני עשה המלך. That it changes to a ו״ו consecutivum sufficiently appears from a comparison of Gen. xxiv.41 with v. 8, being the construction of the latter verse quite equal to ib. xliv.26 a. o. Likewise there, where the condition is of such a kind, that it has not been fulfilled or it will not be so, you may introduce the apodosis by אז as well as combine a ו״ו consecutivum with the verb. Comp. f. i. C*a* 22—26 with Jes. xlviii.18.

That being agreed to, we are able to remove the notorious difficulty of אז being an introduction to an Imperfectum pretty often there, where a Perfectum may be expected. Hebrew scholars know different Commentators and Grammarians try their utmost to bring that custom into harmony with the logical conception of the words. Rashi on Ex. xv.1 calls such an Impf. an *Impf. voluntatis*, expressing no more than an *intention* to do the action presented by the verb. Is the intention to be fulfilled, it will be mentioned in the further part of the narrative. So in the named verse it is followed by ויאמרו לאמר, showing that Moses' intention to sing the hymn has been fulfilled. In Numb. xxi.17 the hymn immediately follows. Should the fulfilling neither be mentioned, nor appear otherwise, then it is suppressed altogether, as the Talmud says (Sabb. f°. 56*b*) concerning 1 Kings xi.7. Solomon wished to build but never did. — So Rashi explains. How acceptable that explanation may be at a first glance, it nevertheless offers its difficulties. First of all that word of the Talmud is attributed to an Agadist, who sermonizing aimed at purifying all eminent man of Israël from their gross faults, testified by the Holy Writ. It is superfluous to say, that such a saying does not imply the slightest thought of sound and serious exegesis. Moreover, Nachmanides shows, that the main point, the use of אז, is not cleared up by Rashi's explanation, for an Impf. voluntatis is to be found in the Bible without being accompanied by אז, too, proving that assertion by examples. He himself indeed believes such an Impf. meaning something past, only it arose from the imagination of the author. It shows

the manner, how he presented the fact to his own mind. That explanation does not differ very much from the definition, which more recent grammarians try to give of the Hebrew Impf. generally, and they use to call an Impf. as this of our text a *Praesens praeteriti*. It is true, with the author of Biour we consider even Rashi's explanation not so far from that idea. — Ibn-Ezra translates such an Impf. simply as a perfectum, referring to the analogy of the Arabic language, where the same often happens. So Kimchi as well and Michaëlis translating *cantabat*. Sforno agrees with Rashi.

According to our opinion such an Impf. reaches the signification of a perfectum only by influence of the word אז, by its value of a ו״ו consecutivum in this and similar cases. Therefore we could read here just as well וישר משה as Jud. v.1 ותשר דבורה, and Joshua x.12 וידבר would suffice equally as וידבר דוד 2 Sam. xxii.1. Only it seems to be an idiotism of the authors of the books of the Kings and the Pentateuch as well as their imitators (the authors of the books of the Chronicles and the book Joshua) to use אז instead of a ו״ו consecutivum there, where they consider the fact deserving extraordinary attention. Both in the books of the Kings and the Pentat. it occurs in such a combination only, when the writer interrupts the narrative by a digression, to which he particularly calls the reader's attention. In the other books of the Holy Writ that way of writing is not to be found at all.

Further a Perfectum accompanied by אז sometimes has the same signification as an Impf. with ו״ו consecutivum, so that אז serves there only as a kind of ו״ו conjunctivum, exactly as f. i. the Latin *tum* has in many cases no more value than an intensive of *et*. While f. i. Deuter. ii.17 or xxxi.25 a protasis commencing with ויהי כ is followed by an apodosis, whose first word is ויצו, ויאמר, in 1 Kings viii.12 the sentence אז אמר וכו' corresponds with the protasis ויהי בצאת וכו' v. 10, and while 2 Sam. xxi.19 the protasis ותהי עוד וכו' is followed by ויך, the same sentence concludes with אז הכה in v. 18. That use of אז with perf., however, only appears in the books of the Chronicles, excepting the two quoted passages.



Sometimes אז changes to ו״ו conjunctivum in other cases, too, and finally it not seldom lost even that little power and meaning, especially in poetical works. For several times it is found there at the commencement of one of a series of sentences, as Hebrew poets like to accumulate them, which in other words or sometimes nearly in the same ones repeat the same thought twice or more times. In such a case אז may be dispensed with, without impairing the writer's intention in any way, and seems to be added only not to allow the reader to slacken his attention by a manifold repetition of the same idea. Then it is quite indifferent, too, whether accompanying perfectum or imperfectum.

So far anent the origin and signification of אז generally. Now we intend to explain some details by quoting sentences, in which it appears. First of all we have to mention, that אז occurs

*a)* not combined with any letter of the alphabet,
*b)* combined with ו״ו (ואז),
*c)* combined with מ״ם (מאז).

Moreover, the Aramaeizing form אֱזַי occurs a few times, signifying just the same as אז, and instead of מאז once the primitive מן אז appears in two words (Jer. xliv.18).

However the word ואז need not be treated of separately as ועתה did, in the first place because it appears but a few times and secondly it has no peculiar signification differing from אז, as we saw it was the case with ועתה. So we have but *two* rubrics to treat of, viz. אז (besides ואז and אזי) and מאז (besides מן אז).

---

## CHAPTER I. אז (besides ואז and אזי).

A. Again we commence with those cases, where אז really appears to be a determination of *time*. In that signification it may refer to a point of time having past as well as to one to come yet, exactly as the English *then*. But in both cases it does not always point out a *certain* time in the past or in the future, but it also refers to an *indefinite* time and may be translated then by *once*, be it *once formerly* or *once afterwards*.

*a.* Referring to a *certain* point of time in *the past*.

Introducing the perfectum.

1) Gen. iv.26 according to the Chaldaean translation of Onkelos, who, never rendering אז but by בכן, here adds ביומוהי (in his (Enos') days. The Septuagint seem to have had another version here.

Accompanying a perf. or a participle.

2) Hosea ii.9. The Chaldaean translator describes the past point of time, which the author looks at. It appears sufficiently out of the context, for the oppositum is מעתה.

Accompanying a participle.

3) Gen. xiii.7. The author refers to the time, when the flocks of Abraham and Lot were together in that country.

4) Jer. xxxii.2 looks at the time named in v. 1. The Septuagint translate here simply *and*. Cf. G.

Without a verb or participle, which, of course, ought to be completed by thought.

5) Gen. xii.6. Showing the time, when Abraham was at Sichem.

6) Jos. xiv.11. The time meant here is mentioned in the commencement of the verse. The Sept. have another version.

7) Jud. v. 8 אז לָחֶם שערים. The commentators consider לָחֶם a noun equal to מלחמה and most of them translate: They chose new gods, (= disdained the Lord, their God) then there was a battle in the land. The Chaldaic translation does not render אז at all here. However the word לחם has its difficulties. In all editions and MSS., I believe, it is *Milra'*, but it ought to be *Mil'el*, according to grammatical rules. The honor of solving that difficulty Mr. S. Pinsker seems to deserve, saying (in לקוטי קדמוניות p. קל"ח footnote) that the word לחם is a verb in the perfect tense, having a *Segol* instead of a *Pathach*, vowels, which are used interchangeably. See his series of examples, to which I have to add בערפלי טהר, to be found in the best editions of the Jewish prayerbook and of the מחזור לר"ה at the commencement of the ברכת שופרות of the מוסף prayer; the singular form of that word sounds ערפל in the Bible, having the *segol* under the פ, and so the status constructus of מֶרְחַקִּים Is. xxxiii.17 sounds מרחקי ib. viii.9.



8) 2 Sam. xxiii.14 twice in one verse and

9) 1 Chron. xi.6 its parallel, with a little variation of no consequence to the word heading our paper.

*b.* referring to an *uncertain* point of time in the *past*.

Introducing a perfect tense.

1) 1 Kings xxii.50. A tale of the same tenor we find 2 Chr. xx.36, which several commentators identify with that told here in v. 49. Then, of course, they judge the narration of v. 50 is not repeated at all in the Chronicles, an idea however being very objectionable, as only v. 50 and not the preceding one speaks of joint steps of Jehosaphat and Ahaziah as mentioned in the book of Chronicles. Therefore we leave the narration in the latter book as it is, and take into consideration our verses 49 and 50 only. There Jehosaphat is told to have sent vessels to fetch gold, which proved to be unsuccessful, and as Ahaziah would afterwards undertake a similar expedition combined with Jehosaphat, the latter did not like to venture it. And so we translate, according to a few authoritative commentators, אז by *once, once afterwards*, exactly as the Latin *olim*, as well derived from *olle* = *ille* (זה), may signify *once later* and *once before*. Owing to the author, that time, of course, has past altogether.

2) 2 Kings xiv.2. From 2 Chron. xxv.14—17 the fact appears not to have occurred directly after the narration implied in the verse before. So we again translate אז by *once, later on.* (*olim*).

3) Ps. xl.8. Gesenius translates *therefore*, Mendelssohn *then*. In this intricate sentence the explanation of Ibn-Ezra seems to be most advisable, taking it in the meaning of *in days of yore*.

4) ib. lxxxix.20. Sforno and Mend. render *once, formerly*. The Chaldaic translator has בהדין. See our introductory remarks.

5) Job. xxviii.27. Most of the commentators bring it in connection with v. 26 (בעשותו וכו'), rendering אז by *then*, but not without forcing the words more or less. I deem it simplier not to bring it in direct connection with it, that is to say, not to consider it an apodosis of the former, but to take אז in the meaning of *formerly*.

In one passage אז seems to occur combined with the Imperfectum in the same meaning.

קאסטיליכה קאסטעהל מיט נאהמין קאסטעל נאוה אויזגר שין. אונ׳ זאלטי
וואוהל מעגין איין קייזר איין האפהאלטין. היראין זיין זולכה שינס גילימר
אונ׳ זאהלין ביהאנגין מיט קונסטרייכי טאפעטין. מיט גאלד גיווערקט.
איך בין אויך פון אייניס סאלדאטין. וועלכר איין גוטר טייטשיר וואהר
גיפיהרט גיווארדין אין טיפי קעלדר אין הולין, אונ׳ מיר גוויזין האט
אלירהאנד קריגשריסטונג. אלש אויך איין גרויזאמה מעננה פון בומבין
אונד קוגלין. אין סומה. פיל זאכין דען שטרייט ביטרעפענדה. אויז דיזוס
קאסטעל בין איך גיגאנגין לאנגש דעס גאלפה דע מארה. וועלכס
אן דיא זעקאנט איז, אונ׳ גיזעהן מעהר אלש פירציג גאלעהן 1). וועלכה
אללי צייט אויף דיא זעה גיהן קרויזין 2) אונ׳ זיך פון דענין טירקין
ביפרייאין וועלכה זיא גר נאהנט זיין. הירביא איז אויך צו זעהן אויף
איין הוכין שפיצין בערג איין וואונדרליך שטארק קאסטעל. גיהייסין
קאסטעל סאנטערמה. דיזוס אויז שטיין גיהאקט איז. זוא פאסט
ביוואהרט. דש גר פיל פרעמדה אלהיר קומנדי זיך פרוואונדרין. אונ׳
ליגין היר אויף דיזין קאסטעל צו דיפענציע פון דער שטאט פיל קופרנה
אונ׳ אייזין גשטיק. זאמפט אנדרה מוניציאהן. הירביא איז אן דיזין בערג
איין קלוסטר. וועלכס איין זולכס גזיכט מאכט אן דער זע. דש מן דיא
פלעזיר ניט פיל אן פלאצין גיפינד. זונשטין אנדרה זאכין פון דיזר
שטאט צו בשרייבין. וויל איך הינטרלאזין. זונדרין דש קאסטיליכה גאר-
טינס אונ׳ וואשירפונטיינין אלהיר זיין זוא קאסטליך אלש אין רומא.
איז אויך היראין איין גארטין וואורין איין וואשירקונסט גר הערליך
גימאכט פון אללי גר רוטי קוראהלין אונ׳ פערלהמוטר. דיא וואשיר
זיין היר אויך גר גיזונד. אונ׳ מאז גיפינדיט היר פון דיא פיינסטה
אופס אלש ציטרונין אונ׳ אפליסינין. קראנאהטעפיל. טייטלין 3). פייגין.
אללי אין איברפלוס אבאנדאנט 4). דיזוס קיניגרייך נאפילס. ווייל
עס דער אוברענד פון איטאליא. יא פון גנץ אירופא איז. אונ׳ איך
אויך ניט ווייטר זונדרין ווידר צורוק בין גיגאנגין. זוא בשרייבי איך
נאך דערא גריסטה פון דיזוס קיניגרייך. ערשט זיין עס דרייצעהן
פראפינציען. זיינין דיא ערשטה לא טערה די לאוואָרה. זיין
דרין דרייא ארצבישופטומין. פינף אונ׳ צוואנציג בישופטומין. הונדרט
זעקס אונ׳ זעכציג שטעט מיט מויארין. אונ׳ הונדרט אונ׳ זעכציג דערפיר.

1) Galeien. — 2) Kruisen. — 3) Dadels. — 4) Abondant.



דיא צווייטה פראווינציע האט צוועלף שטעהט אונ׳ צווייא הונדרט
אכטצעהן דערפיר. דיא דריטטע פראווינציע איילף שטעט הונדרט
אונ׳ איין אונ׳ פערציג דערפיר. וואראונטר דיא פארנאהמשטי איז
קאנסה. דיא פירדה פראווינצי הייסט באזאליסקה. האט צעהן
שטעט אונ׳ דרייא אונ׳ ניינציג דערפיר. אונטר זיא דיא פארנאהמשטי
איז ווענאסה. דיא פונפטי פראווינץ לא קאלאבריאה די קוא
ציהן שטעט הונדרט אונ׳ צווייא אונ׳ זעכציג דערפיר. דיא זעקסטה
פראווינץ הייסט לא קאלאבריאה די לא זעכצעהן שטעט הונדרט
דרייסיג דערפר. וואראונטר רעדיא דיא פארנאהמשטי. דיא זיבינטי
פראווינץ הייסט אוטראנט דרייצעהן שטעט הונדרט אכט אונ פופציג
דערפר. הירפון ברינדיסי דיא בעשטי. דיא אכטי פראווינץ הייסט
בארי פרצעהן שטעט פופציג דערפיר. דיא ניינטי פראווינץ הייסט
לא קאפיטאנאטה. דרייצעהן שטעט פופציג דערפיר. דיא פאר-
נאהמשטי מאנפרעדוניא. דיא צעהנדי פראווינציע הייסט מוליסיא
האט פיר שטעט אונ׳ הונדרט אונ פיר דערפיר. דיא פארנאהמשטי
איז טריווענטא. דיא איילפדה פראווינץ הייסט איל אברוסיא
די קוא פינף שטעהט. הונדרט פופציג דערפיר. דיא בעשטה איז
טעאטה. דיא צוועלפטה פראווינץ הייסט איל אברוסיא די לא.
האט פיר שטעהט אונ׳ צווייא הונדרט פיר אונ׳ אכציג דערפיר. אין
סומה. זיין אין דיזין קיניגרייך צוואנציג ארצבישופטומין אונ׳ הונדרט
פינף אונ׳ צוואנציג בישופטין צעהן פרינצדוהמין דרייא אונ׳ צוואנציג
הערציגטוהמין. דרייסיג מארקגראפשאפטין. פיר אונ׳ פופציג גראפשאפ-
טין. פופצעהן גרושי הערין פון טיטול. אונ׳ נאך פיר הונדרט דרייא
אונ׳ פירציג הערין מיט קלענירה טיטול. דיא גריסטה דיזוס קיניגרייך
איז אין דיא רונדי פירצעהן הונדרט אכט אונ זעכציג איטאליאנשי מייל
אונ׳ איז פון דיזוס קיניגרייך מעהר אלש דרייא פירטיל מיט דער זעה
אומרינגלט. אונ׳ דיא איבריגה טייל אן דיא זייט פון רומא פאסטלאנד.
איך הבי מיך נוהן ווידר אויף וועהג גימאכט. אוס דש דער מאנהייט
פרלאפין וואהר אוס ווידר נאך רומא צו קומין. אוס דיא פאהר-
האבינדה רייז נאך אלגיאר צו פרפאסין. וויא איך נוהן ווידרוס נאך
רוס קומיט אונ׳ מיר האטין אונזר זאכין צו שיף גיבראכט. זוא האט
איך הירביא איין קליין קישט מיט מיין ביא מיר האבינדי גודרין. אונד
אלז דיזוס אללי גר צו שיף וואהר: זוא נאהמין מיר אפשייד פון אלי גוטי

פריינד. אונ׳ מייכטין צו שיף צו גיהן. עש גביהרט אבר וויא דיא פרויא מיט צו שיף קומט אונד עטוואש אומפאסליך וואר. דש דער שיפר וויי- גירדה זעלביגה מיט צו נעהמין. וויללין ער פארהרגעבינדה. קיינה קראנקי לייט מיט זיך איבר זעה דערפיט נעהמין. היר וואר גר קיין אפֶּעל. זונדרין מוזיטין מיט אונזרה קראנקי פרויא ווידר דיא שטאט איין. אונ׳ פארהאבינש אונזרי גודרין אויך אויש דען שיף הולין צו לאזין. דיא שיף אבר איז אין דיזה צייט פארטגיפאהרין אונ׳ אונזרי זאכין אללי גר מיטגינומין. דען וויא מיר קומין אוס אונזר גודרין. וואר דש שיף אל פארט מיט פולין זֵ״ל. הירצו זאגיט דער אלישע חיים די וועלטרה. דש ער ניט ביזורגט וועהר פר דיא זאכין ווידר צו ביקומין. דען עהנדר דער שיפר ווירט נאך ליגארנה קומין. זאלטי זיין קרוספענדענט דיזש שיף אל לאזין פרעשטיהרין [1]. דש אונגליק. אודר פיל בעסיר צו זאגין. דש גליק וואליט. דש דיזש שיף אין פוליר זע קומיט. זוא איין טירקשין רויבר אין דיא הענט פאלט. אונ׳ אלזוא פרלאהרין ווירדיט. דען דש שיף וואר פון דען רויבר גינומן זאמפט בייא זיך האבינדי מענ- שין. וועלכה צו שלאווין זיין פרקויפט גיווארדין. וואש גרוסים גליק האט אונש דער הימל פרלעהנט. דש דער שיפר דיזה פרויא ניט וואלט מיט צו שיף נעהמין. וועלכי דאך זוא קראנק ניט וואהר אונ׳ אויך נוהן אל ווידר בעסיר וואהר. דש מיר דורך דיזה פרויא זוא גליקליך ערליזט זיין גיווארדין אונ׳ בעסיר גיוועזין דש פרליהרין פון אונזר גוט. אלש זעלבשט דש בלוט העטין מוזין דערבייא לאזין אונ׳ ווערין אין טירקין הענדין גיקומין. אונ׳ צו שלאווין פרקויפט גיווארדין. איין מאנהייט נאך דער צייט איזט ווידר איין אנדר שיף אין זייל גיקומין אונ׳ הבין מיר אונש אויף דיזין ביגעבין. זאמפט דיא פרויא. דיא נוהן גאנץ בעסיר וואהר. בייא אונזר אברייז האבין מיר איין גרוש גיפאליג פון מענשין גיהאט. וועלכש גוטי עריינד פון דען גינאהמטין אלישע חיים דיא וועלטירא אויך פון מיר וואהרין. אונ׳ ביגלייטיטין אונש זוא וייט אלש מיגליך וואר. וואוהל איבר דיא דרייא הונדרט מענשין. צווייא מייל וייטר אלז אונזר אַפפאהרין. וועלכש אויף דען טעביר. מיר קומידין מיט איין טאג אונ׳ נאכט נאך פיומיסין. אלוואר דער טעביר אין דיא זעה פאלט. אלהיר מוזיטין מיר ליגין צווייא טאג. אוס דען ווינט צו פַאוואהרירין [2]. נאך דיזי צווייא טאגין זייליטין מיר אין דיא זעה. קומי-

1) Beslag leggen. — 2) Om gunstigen wind af te wachten.



טין מיט גוטין ווינד איבר נאך דיא שטאט צוויבטה וועטשה. היר איז איין מעכטיגר האַווין דער וואוהל ביוואהרט. דיזה שטאט גיהערט דען פאפשט צו. אונ׳ ליגין אלהיר גאַלֵיאין. דיא מיט פאלק וואוהל בי- מאנט איז מיט סאלדאטין אונ׳ גאליאטין. דיא שטאט איז קליין אבר עדיל אין בורגירש. אונ׳ בריהמט אין וואפין צור זעה. דש מן זיך אלהיר אללי צייט איין שטאַהט פינדיט. אוס קיגין דיא בארבארין אונ׳ אלגירישין צו שטרייטין. וויללין זיא גר פיל פון דיזה אנגיפאלין ווערדין. איך הבי אלהיר גיזעהן דש טורנרשפיל. וועלכש מיט לאנצין גשטאכין ווירט. גלייך אנטיקי גישפילט האבין. אויך איז היר איין גאס. וואור שלאווין וואונין פון טירקין. וועלכי מוזין היר איביג בלייבין. אונ׳ גיהן מיט אייזרני באנדין ארוס אונ׳ טוין נעגאליע. אין איר גאסין ווערדין אבר אללי נאכט גישלאסין אונ׳ וואוהל ביוואהרט. איך הב אויך איין זער שֵין לושטיג שפיל צוגיזעהן. וועלכש בישטאנדין איז. עז פֿרזאמילטין זיך וואוהל דרייא הונדרט מענשין אן דען אופיר פון דען האווין אונ׳ ציהטין זיך נאקידיג אויז איהרה קליידר. וייל נוהן היר נאהנט בייא דש קאסטעל אויף איין הוכין בערג ליגט. אונ׳ זיך אן דען שטראַס אונ׳ גיוואלט דער זעה שטרעקט. זוא וואהרין אויף דיזין קאסטעל גר פיל פערשטין אונ׳ הערין אונ׳ קריגשאפיציהרין. וועלכי אויף דיא שאנצין אונ׳ וואלין. אויך אויש דענין פענשטער ליגיטין. אונ׳ האטין בייא זיך איין גאנץ פרטייא ענטין. וועלכי זיא צו ציהן אונ׳ צוואנציג לאזין אראפפליגין אין דיא פָאלה זעה. דיזה היר אונטין שטיהנדי מאנין וועלכי שוהן אויזגיקלייד אונ׳ היראויף פאסיטין. ביגאבין זיך מיט אנדר אין זעה. אוס דיזה ענטין צו פאנגין. ווער נוהן דש בעשטע שוועהמין אונ׳ מיט דער האנד פאנגין קאן. דער האט דען פרייז. איז זעהר פלאזיריג גיוועזט צו זעהן. דען ווען איינר וואלט דיא ענט בייא דען קאפף קריגין. זוא דוקיטין זיא אונטר וואסיר אונ׳ זוא גשווינט ביקומט זיא איין אנדרר. אונ׳ הב גיזעהן דז זיא וואוהל דיא ענטין פרפאלגט זיין אויף איין האלבי מייל אין דער זעה. דען דיזש פאלק קן גר וואוהל שוועמין. ווען איינר גשווינד גינוגין אונ׳ גשיקט דערבייא וואר. דער קאן איבר דיא צוואנציג ענטין פאנגין. אלהיר הב איך אקאסיאהן גיהאט. אוס דיא פאפסטליכה גַאלֵיאין צו בזיכטיגין. איך בין היראין גיקומין. עז איז איין שיף לנג איבר דיא פירליג פוס אונד האט אויף יעדווידר זייטין צוואנציג רודירש. אונ׳ אן יעדר רודר זילין פינף פערשוהן. דיא היראין פרקויפט אודר וועגין

שטראף אויף צייט לנג מוזן זיצן מיט דיקע שווארי אייזרני קעטין. אן
אירה פיס פאסט גשמיהט. ניט גשלאסין. דיא קעט איז זוא לנג דש זיא
קענין דער מיט גירייכן אויף זיין אייגין רודר. וועלכר איבר דש שיף
ארויז גירייכט אוס אויף דיזוס רודיר איהר נאהטדארף אין דש וואסיר
טאהן. זונסטין קענין זיא ניט ווייטר קומין אלס איהר זיצפלאץ. אללי
דיא יאהרין דיא זיא זיצין. מוזן זיא הבין מיט פינף איין באנק. הירויף
מוזן זיא זיצין אונ' רודירין אונ' אויך שלאפין. דען זיא ניאמאהלין לאס
גימאכט ביז צו ענדא איהרס דינסט. וועלכס גימייניגליך איז פר איין
גינאדיגע שטראף צווייא יאהר. אונ' אויך דרייא יאהר. דיא מיינסטע
אבר פינף יאהר. אונ דיא זוא פיל פרשולד הבין. גלייך אלהיר גייסלין
אונ' בראנטמערקין. מוזן צעהן יאהר זיצין. דיא דש לעבין הבין פרשולד.
מוזן אויף איביג אל איהר לעבטאג זיצין. אונ' הייסט גַ א לֶ ע ר ה איין
וויטַא דיא זעלביגה קאן מן גלייך אונטר אנדרה אונטרשיידין. ווייל
דיזה איין פיל שוואהרירי קעטין אן הבין. וואן זיא זוא אין זעה גיהן.
זוא מוזן זיא זיך אללי גר נאקידיג אויזקליידין. דען אלזוא קענין זיא
בעסיר ארבטין[1]. אונ' הבין אויך אויפשויארס. וואורפון זיא אונטר-
ווייללין יעמירליך גשלאגין ווערין וועגין אירה לנגזאמי ארבייט. הירבייא
ביקומין זיא קיין אנדר שפייז אלס צווייא פונד ברוט איין יעדר מַאן.
מיט זוא פיל וואסיר אלס ער נאר האבין וויל. מן גפינדיט אבר אין
דיזר גאלערא פון אללים צו קויף. גלייך היראין איז איין גרקיך אונ'
איין ווייכהויז. אויך אנדרה זאכין קאן מאן היר צו קויף ביקומין. ווער
געלט האט מאג עסין וואס ער וויל. היראינן קומין אפטמאהל פערשו-
נין פון רייכי אפקומסט. גלייך וואן דיזה אייניגה איבלדַאהט ביגעהן
מוזן מיט שטראף דיזה גַאלֶעאין בילאהלט ווערדין. אונ' קענין ניט מיט
געלט אפקויפין. איך הבי גיזעהן היראין ברענגין איין יעניראהלס פער-
שוהן. וועלכר גימאלעסטירט האט איין פַאף. דיזר קומט עבין מיט
דינרס היר גיבראכט. מן ציהט איהם גלייך זייני שינה קליידונג אויז
אונ' קליידיט איהם גלייך מיט דיא אנדרה. מיט איין גרַאז העמיט אונ'
רוטי ביפילבוקס[2] אונ' איין רוטי ביפיל קורץ ברוסטראקכי אונ' איין
קליין רונט מיטשכה. אויך פון רוטי ביפיל. אויף דען קאפף. זיא מוזן
אללי גר זוא גיקלייד גיהן. אונ' אלל וואהרין זיא נאך זוא פרמעגליך מוז

1) Werken. — 2) Duffelschen broek.



דיא קליידונג איינר גאטונג זיין. אבר עסין קאן יעדיר דער געלט האט
נאך זיין פרמעגין. זיא הבין אויך נאך בייא זיך פינף הונדרט סאלדאטין
מיט אללי קריגסבארליכקייט. גלייך אין איין אנדרה קריגסשיף. דען
ווען זיא קיגין דען פיינד קומין. זוא מוזן דיזה גאליאטין ניט אנדרשט
טאהן אלס רודרין. אונ' דיא סאלדאטין שטרייטין קעגין איהרא פיינדי
וואס מיגליך איז.

פון היר זייכין מיר. נאכדעם מיר אונז מיט פרישה פראוויאנט פרזעהן
האטין אונ' אללירהנד פרפרישונג. ווידראום אפגיזיילט אונ' אונש
אפגיווייטרט פון לאנד. זייכין מיר וועגין דיא שטילטה דש ווינדיס זייגין
מיר אין דער זעה זונדר פארטקאמין גטריבין וואוהל אומטרענט צווייא
טאג אונ' נאכט. אליז מיר נוהן קעגין מיטרנאכט. דען צווייטין טאג פון
אפרייז פון צ ו ו י ט ה ו ו ע ט ש ה איין גיפוהל פון איין האלבין כָאהרט
וועסט ווינד ביקומיטין. זייכין מיר גיזיילט קעגין זואידוועסט. אונ' בי-
קומיטין צו מארגינס פריא איין הוכין אינזיל אין דש גזיכט. וועלכס אונזר
שיפר נעניט סָ א נ ט י ק ר י ס ט. דיזה אינזיל אודר בעסיר צו זאגין הוביר
בערג. וואהר זיין אומקרייז אומגיפעהר איין מייל. זונדר מענסינוואונונג.
מיר זיילטין דיזין פרבייא. אונ' דער ווינט זיך קיגין דיא נאכט וַואס
שטערקטי אונ' ביזורגיט וואהרין פר שטורם אונ' אומוועטיר. זוא בי-
פעהליט דער קאפיטַיהן אנקר צו ווערפין. מיר טרייביטין זוא איין נאכט
פארט. אבר קעגין מיטאג וואר דש וועטר ווידר הערשטעלט. אונ' קומיט
זאלכש שיהן וועטיר אויף. דז מיר דען פאלגינדין נאכמיטאג. אויך דיא
נאכט. מיט גינוגין פרבייאפאסירין נאך צווייא אומביקענטי אינזלין.
וועלכי מיר מוזיטין דורך זיילין. אונ' וואהרין דיזי אללי גר הוכי ווילדי
שטיינרַאטצין. הירויף פאלגיטה בייא דער נאכט ווידר איין זאלכר
שטורם ווינד. דש מיר מיינטין. דש מיר דש אונטרשטה איבר אונש
האטין. אונד אויך לנד אין דש גזיכט ביקומיטין. אבר אונש דונקיט דש
דיזוס לאנד איבר דיא הונדרט אונ' פופציג מייל פון אונש וואהר. אבר
מיר וואהרין אין דיזר זאך גנץ אנדרשט בלד ביקענט גימאכט. ווייללין מיר
אללי גר אונטין אין דען שיף וואהרין. אוס דיא גאלפין צו ענטפליכטין.
וועלכי גיוואלטיג איבר אונש שיף שפיליטין. זוא נאר דער פילאט אונ'
שטירמאן אובין וואהר. דיזה האטין איר גזיכט אומטרענט אויף אנדרה
זאכין. אונ' ניט וואוסטין נאך זעהטין. דז מיר מיט פאלין שטורס ניט
ווייט פון קליפין וואהרין. וויא אבר גאט אונש וואלט גינעדיג זיין. איז

דער קאפיטאן אומגיפעהר ארויף גיקומין אונ' זעהטי אייני גרוסי פינצטרניס פון קליפין אונזר שיף גלייך וואלקין בידעקט. זוא איין שפרונג טאהט ארויף צו דער שטיר. זעלביג ביגרייפט אונ' ראמוהר אונ' אויפרוהר מאכט. דש גשווינד פאלק אויף דיא באן קומט. אונ' דש שיף מיט דען אין הימל זיינר בייאשטאנד דרעהטין. דש מיר דיא קליפין ניט גרייכינטין. העט נוהר איין האר גיפעהלט אודר דש שיף וואהר גלייך איין גלאז צורשלאגין. אונ' העטי איך אן דיזה בשרייבונג אל פרגעסין. אונ' דענין גאלפין אונ' ווילדי זעה צו איינר וואונונג גיווארדין. היראויף דאנקיטין אונ' לוביטין מיר דען גיטיגין גאט פר זייני ערליזונג דיזוש אונגליק. אלז מיר אן דיזש לאנד קומטין פרנעהמיטין דז דיזוש וואהר פארטה ערקולי. מיר גיפינדיטין צווישין דיזה קליפין אויך פיל הילין. וועלכי גר טיף איין גינגין. וואורפאהר מיר זעהר ביזארגט וואהרין. דש זיך אין דיזה הילין אייניגה טירקישי זעהרויבר מעכטין אויפהאלטין. וועלכה מאן אין דיזה הילין אונ' דיזה געגינט גר פיל מאהל אנטרעפט. דז זיא אויך בימערקליך שאדין טוהן. אונ' פיל שיפין גינוהמין האבין. גלייך אונש פאלגינדין טאג געשעהט. דש מיר אומטרעפט דיא שטאט פיאומבינה בייא צוואנציג מייל זעה וואר אין גיוויטרט האטין. זוא ביקום אונזר שיפר איין שיפנה אין דש גזיכט. וועלכש קומט גלייך קורש אויז דער צעוואנט. אונ' אויף אונש צו זילטע. אלש אונזר שיפר הירפון אן אונש האט קעניס גיגעבין אונ' דער קאפיטען גיביטינדה דען קונסטאבליר איין גשטיק פאלגינש מאניהר לאס צו ברענין. דיזוש גישעהן. ביקומט אבר פון יעניס קיין אנטווארט. זוא וואר נוהן גינוגין ביקענט. דש דיזוש קיין פריינד זונדרין פיינד מוזיט זיין. אונ' ווייללין מיר מיט אונזר שיף וואוהל מיט אנטלעהן גשטיק פרזעהן וואר. זוא וואר אונזר פאלק נאך זוא מַאט אונד אפגימערטירט וועגין דש פארגימעלטי שטורמוועטר. דש זיא זיך ניט ביפונדין קאפאביל אוס צו פעכטין מיט דיזוס טערקין. זוא עס ניט האך ניטיג וואהר. דעסינטוועגין אויך נאך צייט גינוגין וַואהר. אוס דיא פלוכט צו נעהמין. זוא הבין מיר קורש גיזעלט אויף דיא אינזיל אונ' שטאט פָארטה צונגָאנה. דיא אינזיל גיהערט דען שפאניער. אונ' אין דיזין אורטין פר יודין איין פרבָאט פלאן. דש זיא אלהיר ניט מעגין קומין. ווייללין אבר מיר גידאנטין פר אונזר פערסאן ניט זאלטין ביקאנט זיין. זוא בין איך דאך ארויז אויף דש לאנד גיגאנגין אונ' אין דער שטאט צאנגָאנה



אריין גיגאנגין. אונ' עטוואש זאכין צו פרפרישין גלייך פראוויאנט צו קויפין. עש גישאך. אלז אלהיר בייא אונש אין דען שיף וואהר איין אַרמיאַנר פריסטר. וועלכר וואהר אויף מיר זוא גר שטארק פרביטרט. ווייללין איך מיך אופטרש מיט דיזין אין דיא שיף ארוס פָאפיטי[1]. ווייללין ער קיין ווארט איטאליאניש קונט. זוא האט דיזר פרשטאנדין אן אונזרה מאניהרין אויף דש שיף מיר יודין וואהרין. זוא האט ער מיר יעצונד אן לאנד גיהאבט אונ' זיך גידאנט יעצונד צו רעוואנשירין. אונ' גיהט צו דיא אפיצירר פון דיא סאלדאטין זאגין. דש איך איין יוד וַואר. איך דיזוש בימערקטי דורך דז פילי אנשויאין אונד נאנזעהן פון דיא אינוואהנר דיזר שטאט. זוא מיך אויך העטין פאסט ביקומין. וואן דיזוש ניט דורך דיא פרבוויליגונג גאטיש אונ' מייני פארזיכטיקייט קומין. ווייללין אין דיזר שטאט ניט אנדרש ווייש אודר יודין מוזין פרברענט זיין זונדר יוסטיציא. אלז מן זיא אויף דען גרונד אונ' באדיס אירש לאנדש ביקומין טוהט. דיזר אַרמיאַנר וואוהל זיין בעסט גיטאהן האט אונ' גידאנט מיך אלהיר צו פאנגין. זוא קאם איך דאך מיט גאטש הילף ווידר אין שיף זונדר פרהינדרונג אונ' דיא סאלדאטין מוכטין אויך מיך ניט אויף איין שעלמישה מאניהר ארעסטיהרן. דען זיא מוזטין זאלכי זאכין ערשט ביקענט מאכין אן דיא אינקוויזיציא. זוא באלד איך ווידר אין שיף וואהר. זוא פרטרויאיט איך זאלכיש אן שיפר. דער זאגט גלייך צו מיר. איך נוהן ניט ברויכט באנק צו זיין. ווייללין קיין טייבל אודר אייניגה אינקוויזיאנטין דערפטין אין זיין שיף קומין. פיל וויניגר אייניגה פערשוהן היראין צו מאלעסטירין. אונ' אויך דען ארמיאנר פריסטר ליס דער שיפר אן לאנד. אונ' קומיט ניט ווידר צו שיף. דז וואהר זיין לוהן פר מייני גיטָאהני שרעקין אונ' זייני פרראטירייא. מיר זיילטין פון דיזר קוסט ווידראוס מיט איין זויד אָסטה ווינט ווידר דיא רומיטי דש וואשירש צו האבין. האטין אבר קיין שפוטיקייט אין דען ווינט. דען ער וואר אין דען פאלגינדין נאכמיטאג זוא מַאט. דש מיר ניקס אנדרשט אלז טרייבין אונטרווארפין וואהרין. דיזוש גיוועהר דיא גנצי נאכט אונ' אויף פאלגינדין טאג. זוא דז מיר מוזטין זעהן אן לאנד צו קומין וועגין דיא צווערבווינדה. דערה קליפין פון פרשאדינה אינזלין צו ענטווייכין.

1) Fopte.

נעהמיטין אלזוא קורס אויף דס עדלי אונד פלעזירגה אילאנד ע ל ב ה.
דיזוס דען גרוסין הערצאג פון ט ו ש ק א נ י צוגיהעריגדס.
אלהיר קומיטין מיר אויך אין איין זיכרין האווין. וועלכס וואהר דס

פעסטי שלאס אונ' קלייני שטאט פָ א ר ט ה פ י ר י י א ה. אלהיר
זייגין מיר אן לנד גיגאנגין. אונ' וויללין מיר אל אין פופצעהן טאג
קיין יודין סיניגאגין ביטרעטין האטין. זוא גיפינדיטין מיר היר אייניגה
יודין וואוהנין. וועלכה אונס אויך זעהר וואוהל אונ' ליעבליך עמפ-
פאנגיטין אונ' טראקטיערטין נאך גינוגין אונד וואולגיפאהלין. דען
זיא זאגיטין. מיר מוזיטין ענגלין זיין. וויללין זיא גר ניט גיוואונט
זיין. פרעמדי יודין אלהיר צו זעהן. אוס דיזוס גלויבין צו געבין. וויזיטין
זיא אונס איין אלטין ווייסין מַן. וועלכר אויז ט ו נ י ס גיבאהרין. דיזר
וואר אויך איין מאהל וועגין שטורמוועטיר אלהיר אין דיא אינזול אנגי-
קומין מיט איין שיף פון ב א ר ב א ר י א ה נאך ט י ר ק י י א מוזט. אונ' איזט
דיזר פרשוהן אלדארט אללי צייט גבליבין. אונ' וואהר יעצונד אל איבר
דיא פירציג יאהר. זוא אומביקענט וואר זיא. דס זיא זאכין איין יודין
אנקומין. זיא בראכיטין אונס אויך אין אירה הייזיר. אונ' וויזיטין אונס
אירה האנדלונג. וועלכס בשטיהט אין זאלץ אונ' קאליך. דיזוס וויט פון
דיזה אינזול גר איבערפליסיג גשיקט נאך דיא פאסטי לענדר. אונ' גי-
הערט אלייניג דען יודין צו. מיר הבין אלהיר מוזין בלייבין צוויא טג.
אונ' דען דריטין טאג ווידר אין זעה גאנגין. אונ' מיט איין גשווינדיקייט
איבערגיזיגלט. אין צייט פון זעקס שטונדין האטין מיר אל דיא קוסט פון
ל י ג ו ר נ ה. אודר אויף איטאליאנס גיהייסין ל י ו ו א ר נ ה. אין דס
גזיכט. עהנדר דס מיר אנקומינדין זאכין מיר אין זעה נעבין אונזר שיף
איין גרוסי פארטייא דער גרוסי פיש. וועלכי וואהרין וואול צוואנציג פוס
לאנג. הינטר אננדר אין דיא היך שפרינגטין אויף איין אנדר פלאץ
ווידר אריין. דען ווידר ארויס אונ' ווידר ארין. אונד מאכיטין אללי
צייט מיט אירה שפרינג איין זאלכין האלבין קרייז גלייך איין רעגינ-
בוגין. אונ' שטיהן וואוהל איבר דיא צוואנציג זולכי גרוסי פיש הינטר
אננדר. זיא וואהרין זוא נאהנט בייא אונזר שיף. דז מיר זיא העטין
מיט אייניגה אינסטרומענטין גימאכליך קענין פאנגין. דער שיפר
וואלט עז אבר ניט ליידין. זאגיט דס דיזה פיש קומיטין צו גוטיס גלייך.
אונ' ערקונדיגין אונזר גליקליכה אנקונפט. וואו מיר זיין מוזיטין.
וועלכס אויך וַואהר וואר. אונ' קומיטין אין איין הלבין טאג אין דער



האווין ל י ו ו א ר נ י זונדר אומגימאך ווייטר. אונ' איז דיזור האווין זוא
גרוס. דס מיר צוויא שטונד מוזיטין פרברענגין ביז מיר לאנדיטין.
אונ' דעמנאך גליקליך צו לאנד גיהטין.
ערסט לאנגס דיזין האווין בייא איינה מעניגטה פון גרוסי שיפין אין

דיא פארשטאט. אלוואר מיר גיפונדיטין איין זער שיני וואסיר-
פונטיען. פון קופיר וואהרין דיא בילדונג דרייא מעניר. אונ' דיא גריסטה
פון ריזין. דיזה דרייא הַטין אירה הענד אויף דיא ריקין גיבונדין אונ'
וואהרין גלייך גיפאנגינה אין קעטין גישלאסין. איבר דיזין שטיהט דער
גרַאן דוכה אודר גרוספערסט פון ט ו ס ק א נ ה אונ' גרוסהערצוג פון
פ ל א ר ע נ צ ה אין זייני פערסטליכה קליידונג מיט איינה קרון אויף
דעם קאפף אויז מערמרשטיין. זעהר קונסטרייך גימאכט. דיזה פונטַיען
איהר גלייכין גיפינט מַן ווניק. אויך וועגין דערא ווערדה דס שוואהרי
גוויכט פון קופיר. מיר קומיטין ווייטיר אין דיא שטאט ל י ו ו א ר נ ה
אין איין הערבירג בייא דיא יודן. אונ' ליגיטין אונזר זאכין אין ביוואה-
רונג. גיהטין אין שוהלין אונ' לוביטין גאט. דער אונס פיל גינאד אונ'
וואונדר האט בוויזין אין צייט פון זיבנציהן טאג. דס מיר האטין גשוואר-
בין אינצווישין אונזר אפרייז צו שיף פון ר ו מ א ביז אלהיר צו ל י ו ו א ר נ ה.
נאכדעם מיר זיך האטין אין רוא ביגעבין אונ' איין טַג אַכט אויזגירוהט

האטין. זוא מאכיט איך איין אנשטַאלט אוס דיזה שטאט רעכט
צו בזיכטיגן אונ' אונטרזוכין. מאכט דעריכטוועגין איין אנפאנג אונ' בי-
פינדיט דס דיזה נוהר איין גנץ קליינה אבר זעהר רייכי אונ' האנדילס-
שטאט וואהר. אונ' אויך אלהיר זוא פיל יודן וואוינין דס דיא העלפט
פון דיזה שטאט יודן זיין. זיא הבין אויך דיא שענסטה וואונונג. אונ' גר
רייך אין אירה הַאנדיל. זיא זיצין אויך אלהיר אין זאלכה פרייאהייט.
גלייך דיא יודן אין א מ ש ט ר ד ם. אונ' האבין אויך איר אייגין
גריכט. דז זיא מעגין שטראפין נאך איברטרעטונג פון אייננר
זאכין. זיא האבין איין שינה שוהלין. וועלכה דיא גרעסטה איז
פון גנץ א י ט א ל י ע. אונ' איז בלד אומגיפעהר אזוא גרוס גלייך
פון דיא פארטיגיזין אין א מ ש ט ר ד ם. אויך מיט זאלכי זייללין. אונ'
בַלד אויף אייגינסטה מאניהר גיבויאיט. הירָאין שטיט איין מערמיר-
שטיין צו אייננר גידאנכטניס. מיט פרגולטי לעטירס אויזגיהאקט. וויא
דער קיניג פון ש ו ו י ד י ן אלהיר אין דיא שוהל גיוועזין אונ' האט זיך
גילאזט דיא פינף ביכר מָאזיס אויפמאכין. אויך זיך לאזין פון דעכין

פארזיכגרס דען גיוואהכליכן זעגין געבין. אוני האט אין איין יעדר
אַרמביקס צוועלף פיסטאלין צו איינר אלמאזין גיגעבין פר דיא יודשין
ארמין. זוכסטין איז היר אוכטר דעכין יודין זולכי רייכי הערין. דז זיא
גר איין גרושין שטאט פיהרין. אוני אויך זיך פיל אויש ספַניע אלהיר
ביגעבין. וועלכה אין ספאכיע גיבאהרין זיין אוני וויסין דז זיא פון
יודשה אַבקומסט זייכין. דעסיכטהאלבין איהרין גאטסדיכסט אלדארט
אין ספאכיע כיט הלטין קעכין וועגין דער אומביקאכטהייט זוא פון
דארט אוועקלויפין. אוני הבין צו דיזור פכאכט דרייא פלאצין צו איהרר
בישערמוכג. דעס ברעכין אויזגיזוכדרט. ערסט איזט אמסטרדס.
צווייטה לוכדין אין עכגילאכד. אוני דער דריטה פלאך אלהיר אין
ליוואהרכה. זיא ברעכגין בייא צייטין קיניגסרייכה גודרין מיט זיך
אויש ספאכיע. אוני זייכין אויך פיל מאהל זעלבסטין פון דיא העכסטה
פאמיליען אויש ספאכיען. היר וואוכין איבר דיא פינף אוני צוואכציג
הוכדרט הויזהלטוכג פון יודין. אוכד זיא הבין היר איין גירעכטיקייט
גימאכט. דש קייני פרעמדי אלהיר קומין מעגין. זוכדרין זיך פון איהרה
גירעכטהערין ערלויבט הבין. אוני אויף זוא לכגי צייט איהרה פרבלייב
איין גלאטבריב 1) מוזין הבין. אלהיר הבין זיא אויך איין ביגראפפלאך
הויסין פר דיא שטאט. אוני אויך איז אלהיר כיט ווייט פון כאך איין
אכדרה ביגראפיכיס פון דיא האלעכדר. וועלכש דיהכט צו דיא פרעמדי
דיא אלדאר קומין דערא כידרלעכדישה כאציאהן. דען אין גכץ איטאליע
הבין דיא קריסטין קיין ביגראפפלאך אויף גימייני ערד. זוכדרין אללי
גר אין דיא קירכין. גשיכט אויף פאלגיכדה מאכיהר. מיטין אין דיא
קירכין איז איין מוכטלאך. דש גיהט אין איין טיפין פרוועלפטין קעליר.
וואן זיא כוהן איינין טוטין הבין. דען ברעכגין זיא זוכדר קיסט אלהיר
אוני אלז זיא אין דיא קירך קומין. אן דיזוס לאך. זוא קומט איינר היר-
צו בידיכטר פרשוהן אוני האט איין שטריק. וועלכש ער אן דען טוטין
מעכשין אוכטר דיא ארמין טוהט אוכ לאזט איהס אלזוא דורך דיזוש
לאך ארוכטר. אוני גיבט איהס איין שטרקין שליידר מיט דען שטריק.
אוני לאזט איין עכד פון דעס שטריק פאלין. זוא פאלט דיזוש קערפיל
ארוכטר. אוני ער ציהט דען דען שטריק ארויף אוני דש מוכדלאך ווירט
ווידר בידעקט. אלזוא ווירפט מן אין דיזן לאך איבר דיא הוכדרט אוני

1) Geleidebrief.



כאך מעהר. דעמכאך דיא שטאט איז. אוני וואן מן כוהן ווייס. דש בלט
פאל איז. זוא ווירט אויך קאליך אוהכגלאשין היראין גיווארפין. אוני
הירמיט פרלעהרין דיזה קרעפטין אוני הבין אין קורצע צייט אליז
פרלאהרין. ביהאלבין דיא ביינה. וועלכי דורך זיכרה מעכשין. הירצו
אַפגריכט. ארויף גיהולט ווערדין. דיזה גיהן זוכדר אפשייא ארוכטר אין
דיזה גרופ אוני כעהמין אללי דיא ביינר ביזאמין. אוכ ליגין זיא אין
הויז. ווירט גיכעהכט דש ביילהויז. וואן דיזוס פאל גיפאקט איז. זוא
האט מן ווידר אכדרה הייזיר הירצו גימאכט. דיזוש איז דער גיברויך
דיזר לאכדין מיט דעהכין טוהטין. אין סומה אין ליגארכה האט זיך
מיין גליק אויף ראַרי מאכיהרין גיקעהרט. וועלכש איך בשרייבין וויל.
דעמכאך איך אלהיר זאמפט מייכין פאטראהן כעהמליך אליסע אייס
דיא וועלטירא פון רומא זאמפט זייכה פאמיליע אכגי-
קומין וואהרין אוני אלהיר אין ליגארכה מוזיטין איין אכדרה שיף
האבין. ווייללין דש פאריגה כיט ביקוואהס וואהר. אוס אין דיא זיבכלעהן
טאג זוא פיל אויזגשטאכדין האט. דש עז מוזטי רעפעריהרט ווערדין. אוכטר-
דעסין ביקומיט מיין פאטראהן איין בריב פון אלגיר אודר מלריס
גיהייסין. פון זייכיס שוויגרפאטיר. דיזר שרייבט וועגין אוכזר אפרייזיכש
אוני קומסט בייא איהס אלדארט. זוא מעלדיט ער אויך אין זייכיס בריב.
דש קיגיכוועהרטיגה צייט דיא פעסט ב״מ אלדאהרט שטַרק רעגיהרט.
זוכדרין דש דיזוש איין אורדיכאהרי קרעכק. וועלכי זיא אללי דרייא יאהר
אוכטרוואהרפין זיין. וועהר כיט פיל צו עסטימיהרין. דען זיא ווישין שוהן
אויף איין גיזעלטי צייט. דש דיזה קרעכק איין עכד האט. שרייבט
דעסיכטוועגין. דש זיך זייכי קיכדר זעלטין זיך כאך איין מאכהייט אודר
צווייא מיט איהרא קומסט אוני רייז פרליהן. דש אוכטרדעסין דיא קרעכק
איין עכד העטי. איך וואהר איבר זאלכי כייאי צייטוכג זעהר בידאכט
אוני דעכקיט בייא מיר זעלבר. וואס האב איך אין איין זאלכה שטאט
מיט פעסט אוכטרוואהרפין צו טוהן. אוני מיר דערפון האלטין קעכין.
זוכדרין אלליין ווייללין איך אַל יעצוכד בייא דיזוס מייכין פאטראהן זוא
פרבוכדין וואהר. אוכד אויך וועגין ליבה. דיא איך צו איהס טראגיט.
זולכה ערשטה גידאכטין ווידראוס פאלין ליס. אוני צו דיזוס גידעכקטי.
דש מיך גאט איבראל ביוואהרין קען. אוני אויך וועגין דיזוס איין
בילויבכים טעהט. וועכן איך אין עגיפטין אוני אַלגיר קומיטי. דש
איך אויך דש לכד דש הייליגי אוני דיא שטאט ירוזילעס מיט

איינס בזוכין אונ׳ בזעהן וואלטי. ווייללין דיזוס הייליגי לאנט ירו-
ז י ל ע ס ניט מעהר אלז אכט טאג רייזינס פון א ל ג י ר איז אונ׳ מן מוז
דיזין וועג אויך פאסירין מיט איינה קומפאניא פון זעקס הונדרט מאן.
וועלכי קומפאניא הייסט לא קארא ו ו א נ ה. ווייללין דיזה וועג אללי
גר ווסטינייא זיין. אונ׳ היראין פיל דיבין אונד שטראסינרויבר זיין.
אויך וועגין דיא פרגיפטיגה גרוסה מעניכטה ווילדה טירין. אלזא מוז
מן דיזין וועג אללי צייט מיט זאלכי גרוסי גיזעלשאפט פאסירין. אלז איך
דיזוס אלזוא בייא מיר בשלאסין האט. זוא בידענקט איך אויך בייא מיר.
וויא איך מייני עלטרין צו הויז אינטרלאזין האבי מיט פרשפרעכין. דש
איך אין צייט פון פינף יאהרין מיט דער גאטיש הילף זאלט מאכין
ווידר אין מיין פאטירלאנד צו זיין. דיזוס יעצונד מיר שיינט אוממיגליך
וואהר צו זיין. זוא הב איך גידאכט. צום וויניגסטין מיין פאהרהאבינס
אן מיינה ליבה עלטרין מיט איינים עקסטרין בריף ביקאנט צו מאכין.
אלזוא שרייביט איך איין בריב. וועלכר אויף אללי זייטין איין גנצין בוגין
פאל וואהר. אן מיין פאטיר אונ׳ מוטר. היראין זיא וויסין לאזיט. וויא
אונ׳ אויף וואס פר קונדיציאהן איך בין דאטא מייני צייט פון בין אין
דש פינפטי יאהר פרבראכט האט. אויך וויא איך מיך יעצונד אין צא-
גארנה בעפינדיט בייא איינין פאטראהן גלייך זעלביגה נון הייסט. אונ׳
וויא איך מיט זעלביגין אין פרבונט וואהר נאך א ל ג י ר אין מ צ ר י ם
אונ׳ נאך דיא הייליגי שטאט צו ציהן. דש זיא זיך דעסינטהאלבין. אונ-
שוהן צוועלף הונדרט מייל איבר זעה וואהר. זיך ניט זאלטין אומגירוסט
האלטין. אונ׳ גאט ביטין. דש מיר וואלט דיא גינאד ערווייזין אונ׳ מיר
נאך פולבראכטי רייזי מיך ווידראום מיט גיזונדהייט אין מיין פאטיר-
לאנד צו פיהרין. פרמאהניט זיא אויך אן מיינס פרשפרעכין. דש איך
בלובט האט. מיט מיגליכקייט אין פינף יאהרין דערהיים צו זיין. מיר
וואלטין פרלייאין אונ׳ פרגעבין. דש איך עס פון צוויא אורזאכין ניט
טהון קענטי. ערשטינס ווייללין מיר זאלכי אקאסיאהן פרפיהרט האט
אוס זאלכי ווייטה אפגילעגינה לענדר אויך דיא אלטי אונזרה עלטרין
איר אייגינה לעהנדר צו בזעהן. אוס דיזה האלבין מיין בוך פון פלאץ
איין הונדרט בלעטיר העטי קענין מיט צוויא הונדרט פרטאפלין. אלס
איך אין מיינים בריף פרמאהנט האט. וויא זיך מייני עלטרין זאלטין
גירוהט שטעלין. ווען זיא זאלטין וועגין איינינה צוערסיקונג פון דען אין
הימל קייני בריב מעהר ביקומין פון מיר. אויך ניט וויסין קענטי. וואס גאט



אין איינז אללי ווילדה זעה אלין בליהבט צוזוסיקין. זוא הבי איך זאלכיס בי-
שלאסין מיט איינים גרוסי מעניצטי פון טרעהרין מיינס אנגזיכט אונ׳ איין
יעמרליכין וויטציפיליטין אדיע. הירמיט זולטין זיא וויסין. וואו איך בין
אהין קומין. אונ׳ מאכט זאלכין בריב צו. אונ׳ וויא איך צו מיינים פאטראהן
זאגיט. דש איך וואליט גיהן זעהן. אוס דיזין אנגילעגינין בריב צו בישטע-
לין. ערלויבט מיר צו גיהן. איך אויך איינים טייטשין יודין פון האלאנד
גיבאהרין בעגעגינטי. זוא דיזוס פראגיט. אוב ער מיר ניט וויסט צו אונ-
טרריכטין. יעמאנד דער קורעספונדירט נאך ט י י ט ש ל א נ ד. אוס
דש איך גערין וואלטי מיט פרזוך אונ׳ בצאהלונג מיין בריב אדרעסירין.
אוס זעלביגין דען ווייטר אן מיינה עלטרין צו אדרעסירין. ווייללין
מיינין פאטרש אדרעס ניט זוא ווייט ביקאנט וואר אונ׳ איך צווייפלטה.
זעלביגה זונדר אנדרה רעקומאנדאציאהן ניט פארט קענינט גשיקט ווער-
דין. דיזור מיר גלייך אונטרריכטיט אונ׳ מיר וויזט איין הויז. וואוראין
דרייא ברידר זאלטין וואונין. וועלכי ו ו א ו ר מ י ס היסין. דיזה איינין
ברודר האטין אין א מ ש ט ר ד ם וואונין אונ׳ מיט זעלביגין פיל קרוס-
פענדירטין. דז איך וואוהל קענטי היראין מיינס פרלאנגין בדיהנט
ווערין. איך קומיט אן דיזוס הויז אונ׳ קלאפיט אן דיא טיר. וועלכה מיר
פון איינים דיא דרייא ברידר אויפגימאכט וואר. איך מיין ביגעהר האטי
וועגין מיין בריב אן זיא ביקאנט מאכיט. הייסט מיך דעסינטוועגין
אריין גיהן. אונ׳ מיך אלז אונטרפראגיטין. וועסינטהאלבין איך מיך
אונטרשטיהט זאלכי רייז. אונ׳ דש נאך אין זאלכי גיפעהרליכה ארטין
מיך גלושטיט. איך הירויף אנטווארטיט. ווייללין איך יעצונד אלש אין
פרבאנד מיט מיין פאטראהן גיטרעטין וואהר. דש איך ניט אנדרשט טוהן
קענטי. אין סומה. זיא פראגיטין מיר אויך. ווארוס איך איין זולכה
בטריבטהייט אן מיינה עלטרין טוהן וואלטי. אונ זיא וואליטין מיר ליבר
ראהטין. דז איך זאלטי ליבר אומקעהרין נאך מיין פאטירלאנד. אלש איך
מיר גוהן ווידר בידענקיט. זוא וואלטי איך דיזין אנשלאג ניט פר איבל
נעהמין. ווען נאר זעלט זיין גימאקליך צו טוהן. איך אנטווארטיטי. דש
איך וועגין צוויא אורזאכין הלבין ניט קענטי מיט זאלכי זאכין איינינג
ווערין. ווייללין ערשט מיט מיין פאטראהן איין אקארט הב גימאכט. דש
איך איהם וואלט ביגלייטין ביז נאך א ל א ג י ר. צווייטינס. דז איך אויך
קיין אקאסיאהן האב נאך מייניז פאטירלנד צו ציהן. ווייללין דיזוס גר
פיל אומקאסטין קאסט. איין רייז זוא ווייט זיך צו אונטרנעהמין. וויא

איך דיזוש אליז גיזאגט. זוא זאגיט איינר. דש ער פאהרהאבינש ווער. אין קורצי צייט נאך א מ ש ט ר ד ם צו רייזין. אונ' פיללייכט ערשט קומינדה וואך. אוב איך וואוהל וואלטי מיטציהן נאך א מ ש ט ר ד ם. דיזוש ווער וואוהל איין גוטר אנשלאק פר מיר גיוועזין. ווען נאר מיין ראמיסיר פאטראהן איינווילליגין זעלט. איך בידאנקטי מיך אונ-טרדעסין דיא פריינדליכה אנומיהרטר פרעזענטאציע. אונ' נעהמיט מיין בריב ווידר מיט מיר צורוק. איך גיהט אלזוא ווידר צו מיין הערבעריג. מיין פאטראהן אל שוהן פרלעגין מיינטוועגין וואהר. פראגיט וואו איך זוא לנג גיוועזין אונ' אוב מיין בריב וואוהל בשטעלט וואהר. זוא אנטווארטיט איך. פרשוהנליך ווער איך ניט ווייט גיוועזין. אבר מיט דיא גידאנקין גר ווייט. אונד אויך מערקט איך פיל-לייכט זעלבשטין מוזין דש פאסטגעלט פון מיין בריב פרדיהנין. מיין פאטראהן דיזין האנדיל בימערקיט. פראגט וואש אורזאך. איך אנטוואר-טיטי. דש איך קעניט מיט איינה גוטי אקאסיאהן אין קורצי צייט אהיים קומין. אונ' מיט מיר. זאגיט ער. איך אנטווארטיט. דש העמיד איז נאהנטיר אלש דער ראק. אונ' איז מיר דיא רייז נאך מיין עלטרין זוא פיל מעהר אנגינעהם. דען נאך איינר שטאט. דיא מיט פעסט בי-פלאנצט. היראויף וואלט ער מיר קיין רעדין מעהר צוהערין. אונ' זאגיט דש ער מיר וואליט אנדרשט ווייזין. דש איך מוזיט פער פארש [1] מיט איהם אונ' ניט נאך אמשטרדם. אלש נוהן דען אנדרין טאג איך מיך ווידר ביגעביט נאך דענין ו א ו ר מ י ש איר הויז. זוא הבין מיר נאך איין מאהל איין פאסטי רעזאלוציע גינוהמין. אוס דען פאל-גינדין זונטאג צו מארגין פריא פער פאסטי מיט איהם צו ציהן נאך א מ ש ט ר ד ם. מאכיטין אויך הירצו איין אויפגיזעצטין קאנטראקט וועגין דערא בישאלדונג. אונד שליסיטין זעלביגין מיט הנד אונ' זיגל ביידר זייטן. אונד היראויף גיהטי איך ווידר צו מיינים דאמאהלש אפגידאנגטין פאטראהן אונ' גאב איהם דיא זאך רעכט צו ערקענין. וויא דש מיך בידאנכט העטי. אוס דיא רייז נאך אַ ל א ג י ר צו הינטרלאזין אונ' דיא פון דש פאטרלאנד נאך א מ ש ט ר ד ם ווידראוס אנצונעהמין. ער וואלטי מיר קייני גוטי ערלויב געבין. זונדרין זוכט מיין פאהרהאבינש צו פר-הינדרין. אונ' גיהט אויך בייא דיא רעגיהרינדה דערא שטאט מיך פר-

1) Par force.



קלאגיטי. דש איך מיך פרבונדין נאך א ל א ג י ר צו רייזין. אונ' יעצונד אפשטיהן וואלטי. מיר אויך פאהרהאלטיטי דיא בלוביכים. דיא איך גיטאהן העטי. נאך דיא הייליגי שטאט י ר ו ז י ל ע ם צו רייזין. אונ' יעצונד מיין בלוביכים ברעכין וועלט. וועלכש בייא אונש גר האך עסטימיהרט ווירט. אויף דיזין וואהר מיין אַפילירן. דש דעמנאך מיין פרבונט מיט איהם נאך אַ ל א ג י ר ווער גשעהן אויז גרושי אפעקסיאהן דערא ליהבטה צו זיינר פרשוהן. וויא זאלכש בווייזין ווירט אויף איינים פריהערין פלאץ דיזר בשרייבונג. אונ' נוהן ווידראוס מיט דער אפעק-ציאהן. דערא ליהב מייני עלטרין אינדרטרעפט. אוס זעלביגה צו ביזוכין. דיזה פראג פרעגיט איך. מיינה אנטווארט גיפאליט דענין הערן זער וואוהל אונ' האט זיא גיוואונין. דיא צווייטה גוויהנט איך מיט דערא-גלייכין רוהם דיא אפענטווארטונג אויף דעם ער פאהרגעבינדי. איך העטי בלוביכים גיטאהן נאך י ר ו ז י ל ע ם צו ציהן. אנטווארטיטה. וואן איך קומיט נאך אַ ל א ג י ר. זוא וואלטי איך אויך נאך י ר ו ז י ל ע ם. היראויף דיהנט איך מיט אנטווארט. אלש איך יעצונד ניט נאך א ל א ג י ר קומיטי. זוא ברויכט איך אויך ניט נאך י ר ו ז י ל ע ם. אונד ווידר פר-אנטווארט גיוועזין. היראויף האט איך דש רעכט גיוואונין. אונ' מוזט דאך אן דען ראבינר צעהן רייכשטאליר געבין. אוס נאך י ר ו ז י ל ע ם וועגין מיין בלוביכים צו שיקין. הירמיט וואר איך פרייא אונ' פרוא אונ' דאנקיט גאט פר איין זולכי גיוואונינה הימלשי שיקונג צו מיינים פאר-האבינש. אונ' דיזר הער וואהר גיהייסין סיניאר רבי י צ ח ק ו א ו ר מ י ש. איין שוואגיר פון ר' א ה ר ן ג א ק י ש פון א מ ש ט ר ד ם. דיזר וואהר וואונהאפט אין ל י ג א ר נ ה אונ' גיבאהרין אין א מ ש ט ר ד ם. וואר איין זון פון ר' י ח י א ל ו א ו ר מ י ש פון א מ ש ט ר ד ם. אין סומה מיר ביגאבין זיך אויף רייז אן זונטאג מארגינש פריא. אונ' האטין איין רייז פון זיבין אונ' צוואנציג טאג. פון לַ א ג ו ר נ י ביז א מ ש ט ר ד ם. מיט גר פיל פלעזיהר. אונ' נאך פיל גיזיכטין אונטר וועגין גיזעהן הב. אויך נאך איין קורצי פרשליסונג מייניש בוך מאכין וויל.

מיר זיינין פון לַ א ג ו ר נ י אוועק גיפאהרין פ' פאסטה. אונ' אלזוא גי-קומין נאך דער שטאט פ י ז א. אלוואר איין קוריעזי שטאט איז. אבר גנץ ניט גרוס. אונ' איז אויך אלהיר איין טורין צו מיינר פרוואונ-דרונג גיזעהן. וועלכר זוא קרום שטיהט. אוב ער זעלט פאלין. אונ' שטיהט וועגין זייני אנטיקוויטעהט אל גאר לנג אויף זאלכי מאניהר. אין סומה

איז אלהיר איין זער שינה וועג ביז נאך דיא פערשטליכה שטאט פלא-
רענץ. איין קוסטליכה שטאט. אלוואו דער הערציג פון טוסקאניא
זיין רעזידענץ האלט. דיזה שטאט ליגט אין איין טיפה דערא בערגין
אוני׳ מיט פילי ווייכוואקס ביזעצט. אויך מיט פילה מעניכטה פון אָליווען
בוימר ביפלאנצט. דש מן אין דיא גנצי וועלט קייני ליבליכה בערגין
גלייך דיזה פינדיט. וויא מיר אבר פון פלארענץ אויף איין שטאט
נאהמינס בולאניא גיקומין וואהרין אוני׳ ניט אנדרשט אלס הוני קליפין
אוני׳ אויך מיט זאלכי קעלט גיפוהטרט. דז מן זעלט זאגין. דש אלהיר
דיא גנצה יאהרצייט ווינטר וועהר. דען וויא מיר אלהיר פאסירנדין.
וואהר אומטרענט דער מייא מאנהייט. זא האטין מיר היר דיא שינסטה
שניאפלאקין. דיא מן אויף איינה פלאצין דען ווינטר גיפונדין קאנט. אין
סומה הבי איך פיל בערגין אוני׳ טאהל גיפאסירט. אבר קיין מאהל דערא
גלייכין בערגה גלייך דיזה פון באלאניא גיפאסירט. נאך דיזר שטאט
באלאניא קומינדה. זא הבין מיר זיך אלהיר לאזין טראקטיהרין מיט
איין פרישה קאשט. נייאי עהרבייאין מיט ווין אוני׳ צוקר גמישט. ווייללין
דיזה גר גרוש אוני׳ גוט וואהרין. אונד זיינין אין דיזר שטאט נאך געגינט
קייני יודין וואָהנהאפטיג. אלס אין פלארענץ וואונין אומטרענט
פונפציג.
פון באָלאניה הבין מיר דיא גיבערגטה נאך צווייא טאג גיקונפאיערט
אונד דערנאך מיט איין אנגינאהמין לייט אונט ליבליכש וועטיר
גיקומין נאך דיא שטאט מאדינה. אלהיר אויך איין הערציג פון דיזין
לאנד רעזידיהרט. האט איין הערליך שלאס. אוני׳ דיא שטאט מאדינה
איז גר אַלט אוני׳ קליין פון גיבייא. האבין אויך דיא יודין אלהיר איין
אייגינה גאסין. אוני׳ זיינין דערא אין גיצאהל אירה הייזיר אומטרענט
הונדרט אוני׳ פופציג. מיר הבין זיך אלהיר אויך ניט לאנג גיזוימט. אוני׳
זיינין ווייטער אויף דען וועג צום גשווינדיסטין פארטגיאיילט. אוני׳ עהנדר
מיר נאך קומיטין נאך דער שטאט מַנטובה. זא האטין מיר איין אונ-
גליק מיט דען פאסטוואגין. נעהמליך דש מיט אומפרזיכטיקייט דעסין
פאסטליאָן קומט. וועלכר וואלטיט איבר איינין גראבין פאהרין. אוס דיא
בעסטי וועגין צו גיברויכין. ווייללין אבר דיא בריק איבר דען גראבין
ניט אל צו ברייט וואהר. זא איינה דערא רעדיר פרבייא אוני׳ מיט
גיהן אוני׳ אלזוא דען פאסטוואגין זאמפט אונש צווייא פרשוהן אין דען
גראבין שטערציט׳ הירהונטר לאגין מיר אויף מאניהר פון ניט אנדרשט



אלס לעבינסלָאסה גייסטער אוני׳ זיך ניט העלפין קאנטין. דאך מיט
געטליכה גינאדין זיך מאדילטין, דש מיר דענין וואגין הערפאר קומי-
טין. אוני׳ דעהמנאך דער פוהרמן אויך זייני פפערד ערהעסטיט
האטי. זא וואָרן מיר ניט שטארק גינוגין. זאמפט דען פאסטיליאָהן דען
וואגין אויז דען גראבין צו שלעפין. אוני׳ וואהרין גיצוואנגין. דש מיר
אלהיר וואַרטיטין. דש דער פאסטיליאהן מוזט גיהן אויף נאהנט גילעגין
דארף אוני׳ פיר פויארין הולין. וועלכי העלפיטין דען וואגין ארויז
שלעפפין. הירמיט וואהרין מיר גיהאלפין. אוני׳ לוביטין גאט פר דיזה
גינאדן. דש מיר ווייטער קיין שאדין האבין ביקומין. יעלונד זיין מיר גי-
קומין אויף מאנטובה. פון דיזר שטאט הב איך אל איין בשרייבונג
גימאכט אויף זיין ערשטה פלאץ. אוני׳ ווייטער פון מאנטובה אויף
ווערָאנה. אוני׳ טריענט. פָאזין. אינסברוק. פון אינספרוק
איבר איינס בערג. הייסט דער צירלבערג. אוני׳ זֶעהפעלט.
מיטרוואלט. אוני׳ דיזוס לאנד איז אונטר דען בייאר פערשט. אוני׳
הירָאין איז דיא שטאט מִינכין דיא הויפשטאט. אלוואר דער קוהר-
פערשט פון בייארין רעזידיהרט. ווייטער זיין מיר גיקומין אויף
עסלויא אוני׳ אלצרנויא. לנטסבערג. פון היר אויף דיא קייזר-
ליכה פרייאשטאט אויגשפורג. דיזה איז איין אלטי וואונדרליכה
שענה שטאט. אוני׳ אויך מיט שאנצין אוני׳ וואלין וואהל פרשטערקט.
אין דיזר שטאט הבין דיא זילברשמידין גרוש רעכט. וועגין אירא רוהמ-
אנטיג ווערק. וועלכש דורך גנץ אירופא גיפריזין ווירט. מן ציהלט
אין דיזר שטאט איבר הונדרט זילבר אונ גאלד שמידין. אלהיר האבין מיר
מוזין ווידר פרישה אוני׳ אויך אנדרה מאניהרן פון פאסטין גיברוי-
כין. אוני׳ זיינין אויף איין גרוש דארף איין ½ שטונד פון אויגשפורג
גיקומין. הייסט פֶעהרסה. הירָאין וואונין איבר דיא פופציג יודין.
הבין אויך איין קליינה שינה סינאגאגין. אוני׳ ווידר איין ½ שטונד ווייט.
איין אנדר דארף. הייסט קריסהאביר אכציג יודן הויזהאלטונג. האבין
איין נייאה שינה גיבויאטי שוהלין. מיר זיינין גר פיל אויף דיזה אוני׳
אנדרה אורטין אויפגיהאלטין גיוואהרדין. וועגין דען פיהלין אוני׳ שוואהרין
צָאל וועלכש מיר יודין מוזיטין איבראל ביצאהלין. פון דעהנין צָאל וועהר
איך הינטן אין מיין בוך איין גאנץ רעגיסטר האבין. אלוואר איך וואהר
אנלייגין וויא פיל צָאל איבראל פר יודין מוז גיצאהלט ווערין. מיר זיין
ווייטער גיקומין אויף דונויאוועהרט. איין שטאט ליגט אן דער

טונא. אונ׳ ווייטר אויף איטינגין. אויך איין שיהן גילאהנל יודן אלהיר. פון איטינגין אויף דינקלשפיהל אונ׳ קראלסהיים. וואנהויזין. ברעטפעלט. ריפאך אונ׳ הערבשטהויזין. מערגינטהאל. קיניגשהובין. בישפסהופן אונ׳ קילס- היים. מילדהבורג. אלהיר פארט מן איבר דען מיין. אונ׳ ווייטר אויף הייאנבאך. קלינגינבערג אונ׳ אשאפינבורג אונ׳ פראנקפורט. דיזין וועג פון אויגשפורג הבין מיר מוזן ביז פראנקפורט טאפלטה פאסטין בצאהלין. וויילין אונזר וועג איז אללי לייט עקסטרא טאג אונ׳ נאכט גיגאנגין. אונ׳ וויללין זיך אלהיר אין פראנקפורט טרעפט איין שינה קומפאניא פון ביקאנטי פרשונין. זוא הבין מיר אונזר וועג אונ׳ רייז פרפאדירט אין אייגין גיקויפט שיף אויף דען מיין אונ׳ ריין שטראהס הראפ ביז נאך אמשטרדם. איך האבי אבר מיינין בריף. וועלכין איך אין לאגורני הב גיוואלט נאך מיין פאטיר אונ מוטר שיקין וועגין מיינה ווייטה שוואהרי אונ גי- פעהרליכה רייז נאך אלאגיר. צו דיזין הב איך נאך בייא מיר גיהאט. אונד וויללין פון פראנקפורט אללי וואך דיא פאסט דירעקט אויף לעמגא גיהט. זוא הב איך זעלביגין בריב גינוהמין אונ׳ היר אונטר אן גשריבין. וויא זיך מיין גליק אלזוא גשווינד פרענדרט האט. אונד וויא זיא הירא ביפינדיטין מייני רייז נאך אלאגיר צו נעהמין אונד יעצונד מיך אין פראנקפורט ביפינדיט. אונ׳ דש אין זעהלעהן טאג איבר גיקומין. אונ׳ שרייביט נאך דערבייא מייני אקאסיאהן וועגין מיינין פאטראהן. וועלכין איך מוזיט ברענגין ביז אמשטרדם. דש איך אבר ווערדי מיט גאטיש הילף אין לייט פון פיר וואכין צו הויז בייא זיא זיין. דיזין בריב זוא וועק גשיקט. הבין אונזר רייז פפרא- דירט צו וואסיר פון פראנקפורט אויף מענץ. אייני זעהר בריהמטי שטאט. ליגט אן דען ריין אונ׳ גיהט אלהיר איין בריק איבר דען רייןפלוס. וועלכי בריק דש יאהר פיל טויזינדה אויפברענגט. אונ׳ ווייטר פון מענץ אויף בינגא. היר איז איין גיפעהרליכר פלאץ אין דען ריין. הייסט בינגרלאך. דער שיפר הייסט אונש ארויש שטייגין אונ׳ אויף דש לאנד צו פוס גיהן. וועלכש מיר טעהטין. אונ׳ ווייטר אויף ראנקהווערט. היר ליגין גר קאשטליכה פעסטונגין. איינה הייסט רייכפעלש. וועלכה זער ווייט ביקאנט איז אונ׳ קיגינ- איבר ליגין צווייא פעסטונגין. וועלכי הייסין דיא קאן אונ׳ דיא מויז.



אויף צווייא הוכי בערגין. ווייטר זיינין מיר גיקומין נאך קאבלענץ. היר גיהט ווידר איין בריק איבר דען ריין. דיזה שטאט איז אויך איין בריהמטה שטאט אונ׳ האט קיגינאיבר איין אונאיבערווינדליכה פעסטונג ליגין. הייסט הערמינשטיין (1. פון קאבלענץ אויף אנדרנאכט אונ׳ ליידרסדארף. לינץ אונ׳ בון. אלהיר איז דען קורפירשט פון קעלין זיינה רעזידענץ. אונ׳ איז פר לייטן איינה גרושי פעסטונג גיוועזין. אבר גר שטארק גירענואיהרט. דיא יודין אלהיר אומטרענט פינף אונ׳ צוואהנציג וואוהנין. וואוהנין אין איין גרושין האף בייא אזאמין. אונ׳ איז גר גוטר ויין אלהיר. פון בון זיין מיר גיקומין נאך דיא שטאט קעלין. איין אלטי שינה אבר פר יודין אונגולליכה שטאט. מיר האבין היר קיגינאיבר אין איין אורט הייסט דייטץ אונזר לאשימענט גינוהמין. אונ׳ ווייטר גיפאהרין אויף צונץ אונ׳ דיסלדארף. היר איז דיא רעזידענץ פון נייאבורג. אויך איין זויברה שינה שטאט. אבר ניט גרוס. ווידר איין טרעפליכה פעסטונג גיהייסין קייזרשווערט אונ׳ נאך דיא קור- בראנדבורגשי שטאט וועזיל. דיזה איז קליין אונ׳ זעהר פאסט וואוהל בימאנט מיט סאלדאטין. אונ׳ האט דער קיניג פון פרייסין היראין זיין אויפענטהאלט. איין גוטי האפהאלטונג. היר גיהט איין שיפבריק איבר דען ריין. אונ׳ ווייטר אויף עמריך. איין קליינה זויברה שטאט. אונ׳ נאך איין פעסטונג אונ׳ גרענץ דער האלענדר. גיהייסין שינקהשאנץ. היר איז דער אנפאנג פון האלאנד. אונ׳ מן קומט אויף איין שטאט הייסט ניימעגין. אונ ארנהיים. אונ׳ איטרעכט. דיזה איינה דיא שענשטה האלענדישה שטעט. אויך איינה דער זיבין פראווינציען. אין דיזר שטאט איז צו זעהן איין אלט גבייא. אונ׳ ווירט גיהייסין דער טום צו איטרעכט. פון אוטרעכט זיין מיר גיקומין אויף מארסה. דיזוס זיינין אלליגר שינה לושט אונ׳ פלעזירגארטינס פון דיא פארטיגיזין יודן דער שטאט אמשטרדם. זוא זיין מיר דען גנצין טאג ניט אנדרשט גיפאהרין אלס אלליגר דיא שענשטה לושטגערטינש. וועלכי זיא הייסין טוינין. אין אונזר גזיכט האבינדין. בשטיהן מיט פיל פרגולטה שילדירייאן אונ׳ אויך מערמיר- שטייני בילדר. אונ׳ מיט בוימין אונ׳ בילדר גליהרט. אויך בלומין. פישירייאין הירבייא האבינדה. דיא יודין פון אמשטרדם הבין דיא מעהריגשטי טהייל פון דיזה גארטינש אודר טוינין. אונטר אללים הבין מיר אייניס גי-

(1 Ehrenbreitstein ?

פאסיהרט. אלוואר מיר אויז אונזר שיף שטייגיטין אונ' זעלביגין בזיכטיגין.
ווייללין דען ברגר(1 אין גנץ האלאנד זיין רוהם האט אונד ווייללין
זעלביגר צוזיהעריגד דען גרוסין הערין אונד וואוהל ביקאנטין סיניאר
דויד דיא פינטא. פרטיגיזיר יוד אין אמשטרדם. דיזר גארטין הייסיט
טילפינבורג. האט זיין איינגאנג מיט איינר גנץ ברייטה אלעאין(2
אונד מיט נאך צווייא דרעגלייכין מיט שינה בוימר ביפלאנצט. פישרייכה
וואשיר הירומס קרייזינדה. אוס געכוג איז אין דיזין גארטין אויך צו אב-
סערוויהרין איין קונשטרייכה אונ' קושטליכה וואשירקונסט אודר פונטיינן
ווערק. דיזוס אלליגר בידעקט פון זעהגוויקס. אלס שילפין אונ' פערלה-
מוטר. אונד רוטי קרעהל(3. אין סומא פון אללי סארט זעהגוויקס. זוא
דס דיזוס זעהר האך גיעסטימיהרט ווירט. אויך אויף הוכי ווארדייא גי-
שטעלט. זוא דס זיך קיינר אין גנץ האלאנד זיך בריהמן קאן דער זעלבין
גלייכין האט. ער האט אויך איין זעהר שיהן גרוסין פאלאש הירזין שטין.
אלוואהר פישטייכט(4 אויף דען דאך איז. אין סומה. דיא גוויקסין אונ'
ראהריטעטען אין דיזוס גארטין איז גר פיל דערפון צו בשרייבין. אונ'
ווייללין ניט מיין פאהרהאבינס. פון אמשטרדם פר דיזוס מאהל פיל
גיוואך צו מאכין. זוא וויל היר ניט פיל פון שרייבין. זונדרין מיין אנקונפט
אלדאר וואהר מיט גליקליך אריוומאנג(5. אונ' הבי אלהיר אין אמשטרדם
אין צייט פון אכט טאגין אל מייני אפעהרס פרריכטיט. נעהמליך אבשייד
פון מיינין פאטראהן גינומן נאך גוטי בילאהלונג. דז ער מיר גנץ וואוהל
גיקונטאנטיהרט האט. הבי איך מיך מיט ערשטה גילעגינהייט ביגעבין צו
מיינין ליבין פאטר אונד מוטר. אונד זעלביגה אין גרוסין פריידין מיט
גיזונדהייט אנגיטראפין זאמפט מיינר גאנצי פאמיליע. וועלכה מיט מיר
זוא פרגניגט. אונד איך מיט זיא. אונד אלליגר גאט דען אלמעכטיגין בי-
דאנקיטין אונ' לויביטין. וועלכר האט מיך אויף זוא פיל מאניהרין פרזוכט
אונ' מיר בהיט אונ' גליקליך ווידרום אין מיין פאטירס לאנד גיבראכט.
דעהמנאך איך וואהר פינף יאהר ווייניגר דרייא מאנהייט אויזגירייזיט. אונ'
לוב אונ' דאנק גאט ביז אין מיין ענד דס לעבין. דער מיר ווירט ווייטר
לאזין ערלעבין פיל פריידה אונ' ערקעננין דיא גרוסי מאכט אונ' פילה
וואונדרליכה בישאפונג. אונ' אונז שיקין אונזרין ערלעזיר דען רעכט-
פערטיגין אמן ואמן.

1) Burger. — 2) Allée. — 3) Koralen. — 4) Vischvijver. — 5) Arrivement.



# אנהאנג

ווילין איך ניט ווילנס בין גיוועזין. אין דיזין בוך איין בישרייבונג פון
האלאנד צו מאכין. זוא גשיכט דיזוס צור אורזאכי. דס איך. זוא
עס גאט בליהבט. הבי אין זין איין בוך אבזונדרליך פון דיזוס צו מאכין.
אונטרדעסין הבי ניט קענין אונטרלאזין צו נאטירין דיא גרוסי גיוואלט
אונ' פרייאהייט. וועלכי מיר יודין אלהיר אין אמשטרדם הבין. אונ' דיא
גרוסי רייכטומס. וואורמיט גאט זיא גיזעגינט האט. דס זיא זיינין דיא
עדילסטה אונ' רייכסטי דער גאנצה ביקענטי לענדר נעהמליך דיא פאר-
טיגיזין. זיין איהרס גיצאהל צווייא טויזינט פיר הונדרט. אונ הוכטייטשה
אכטצעהן הונדרט איגוואוהנרס. זונדר דיא פרעמדי. וועלכי אויך זיינין
אכט הונדרט. איך מיין אלליגר הויזהלטונג. אונ' גאט דער פערמעהרי זיא
אין גיצאהל אלס זאנט אין מעהר. אונ געבי זיא ווייטר לייטזעליקייט אין
אויגין איר אובריקייט. אמן.

Hier eindigt de reisbeschrijving van Abraham Lewi. — Uit de daarop volgende registers zullen wij alleen overnemen datgene wat hij mededeelt omtrent den Jodentol, die in verscheidene plaatsen betaald moest worden :

אוקסינפורט בייא מארקברייט 4 קרייצר. — אין מארקגראפלנד
ווייסשטאט אין פרשוהן 16 קרייצר. — קולמבאך 4 קייזר-
גראשין. — קאמינין 2 קייזרגראשין. — אין לינץ איין שפעטיעדוקא-
טין. — אין זאללבורג דיטא. — אינספרוק 2 קרייצר. — שענבערג
4 קרייצר. — מאטבן 1 קרייצר. — לנקלויזין 38 קרייצר. — ברעניר
5½ קרייצר. — שטערלינגין 2½ קרייצר. — מוילים 4 קרייצר. —
בריקסין 5½ קרייצר. — קאלמר 2 קרייצר. — קלויסין 10 קרייצר. —
פאלין 25½ קרייצר. — ראמערדה 10 קרייצר. — לירעל 2 קרייצר. —
זעפעלט 6 קרייצר. — מיטרוואלד 68½ קרייצר. — עסלויא 1
קרייצר. — אלברנויא 60 דיטא. — לאנטשבערג 45½ דיטא. —
קריסהאביר 96. — דאהניוועהרט 100. — ווינדיגין 17. —
איטינגין 192 קרייצר. — פרעמדיגין 192 דיטא. — דינקילשפיל
42 דיטא. — דערגברון 5 דיטא. — קראלישהייס 25 דיטא. —
וואלהויזין 6½ דיטא. — רועאמזעה 8 דיטא. — ברעטפעלט
6½ דיטא. — בלויאפעלט 6½ דיטא. — ריפאך 10. — הערבשטהויזן
120. — מירגינטאלגלאע 170. — קיניגשהובין 20. — בישופס-
הופין 20. — קילסהייס 20. — מילדהבורג 20. — הייאבאך
20. — גלינגינבורג 20. — אשאפינבורג 20. — קאהל 20.

# Zur Etymologie des Wortes אשכול.

Von Dr. M. GRÜNWALD in *Pisek* (*Böhmen*).

Zu den vielgedeuteten, im Talmud selbst schon strittigen Worten zählt u. A. das Wort אשכול, das durch die 2 Persönlichkeiten, die darunter verstanden werden, ein um so erhöhtes Interesse gewährt. Talmud babli Sota fol. 47*a* lesen wir: משמת יוסי בן יועזר איש צרידה ויוסי בן יוחנן איש ירושלים בטלו האשכולות und unmittelbar darauf die Erklärung in der Mischna selbst אין אשכול לאכול בכורה אותה נפשי. Rappoport hat in seinem *Erech Millin* s. v. אשכול darzuthun gesucht, dass die eben erwähnte Bibelstelle (Micha Cap. 7 Vers 1) ein späterer Zusatz ist, so dass die Etymologie von אשכול Traube nicht stichhältig wäre. Wie weit dies richtig ist, soll später gezeigt werden. Ibidem fol. 47*b* lesen wir in der Gemara א״ר יהודה אמר שמואל איש שהכל בו. Dass diese Erklärung eine hagadische und keine etymologische ist, bedarf wol kaum der Erwähnung. — Hingegen ist die Tosefta in Baba Kamma (p. 362 ed. Zuckermandl) von Belang; dieselbe beginnt: כל האישכלות שעמדו להן לישראל משמת משה ועד שעמד יוסף בן יועזר איש צרידה ויוסף בן יוחנן איש ירושלם אי אפשר ליתן בהם דופי. Nun aber hat die Baraita in Jeruschalmi Sota IX.24*a* ed. Krotoschin letzteren Satz wörtlich, und anstatt des Wortes האישכלות zu lesen, זוגות. Dass dies eine nachträgliche Emendation ist, ist unschwer zu ersehen, da die Einrichtung der Suggoth durchaus nicht synchronistisch mit den Eschkloth hat. Eschkol war ein Ehrentitel, der durchaus nicht ein Amt und eine Würde erforderte. Dies erkannte wol Kohut im *Aruch* s. v. אשכול [1]),

[1]) Kohut, der die Arbeiten von Sachs u. Rappaport benutzt u. geprüft, will das Wort אשכול von σχολιον, σχολιαστης ableiten. — Seite 312*b* sagt er: אבל איהו לה [?] שימש פרנסות כלומר ר׳ עקיבא לא היה מתלבש בגדולת נשיא או אב בית דין צדקה יחשב לו כי לא נפשו בשאלתו רק עמו בבקשתו בקרבו למעגלי הסופרים להיות אשכול כלומר לחבר ולקשר ההלכות עם המקרא ויחדיו יהיו תמים.



zog aber nicht mit der nöthigen Consequenz den Schluss, der zu ziehen war. Mussafia, Rappaport, Michael Sachs, Kohut wollen *à tout prix* das Wort griechischen Ursprunges sein lassen. Dass diese Annahme nicht gerechtfertigt ist; ja dass sie nicht einmal die etwaigen Schwierigkeiten löst, soll nun gezeigt werden.

Nicht unerwähnt wollen wir es lassen, dass Dr. D. Hoffmann im *Magazin* 1883. p. 62 אשכול für ein altes aramäisches Wort in der Bedeutung von זוג, Paar, im jüngeren Aramäisch hält, u. z. denkt er, dass aus אשכר, durch Uebergang des ר in ל, אשכל entstanden sei. Der Uebersprung von ר in ל ist wol in den semitischen Sprachen in der Mitte des Wortes nicht ungewöhnlich, am Ende jedoch ist uns ein ähnliches Beispiel nicht bekannt, davon abgesehen aber ist es auch die weibliche Pluralform auf *óth* noch zu erklären.

Wir halten jedoch אשכול für ein rein hebräisches Wort und übersetzen es durch Traube. Den hohen Wert des Weines, der die Traube enthält, zu schildern, ist wol nicht nöthig. Ich erinnere nur daran, dass der Wein „Gott und die Menschen erfreut", und dass Israel, im 5. Cap. Jesaja mit einem Weinberg verglichen wird, ein Gleichniss, das auch zu anderen Glaubensgenossenschaften übergegangen ist. תורה נמשלה ליין. Die Thora ist dem Wein (in der verjüngenden und begeisterenden Kraft) gleich zu setzen. Guter Wein ist das vorzüglichste, wie schlechter das Aergste ist (vgl. Deut. 32,32 אשכלות מרורות למו). אשכול aber ist zunächst der Traubenkamm, von dem erst die Traube, d. h. der eigentliche Träger der Traube, wie der Gelehrte der Träger der Thora ist. Man vergleiche dazu das talmudische חמרא וחייא לפום רבנן „Wein und Leben dem Munde der Lehrer". Sifre zu Deuter. 32,32 sagt daher ebenso sinnig als richtig אין אשכול אלא גדול שנ׳ אין אשכול לאכול בכורה אותה נפשי. Es ist nicht ohne Bedeutung, dass dasselbe Citat, das wir im Talmud babyl., Sota 47*a* in der Mischna haben, sich gleichzeitig im Sifre findet u. z. von R. Jehuda und Rabbi Nechemja in gleicher Weise. Es ist dies ein Beweis mehr,

